WALTER Artzt
from The
Rena Costa Center for
Yiddish Studies

יוסף בר-אל

# די שירה
# פון יעקב פרידמאַן

דער רינה קאָסטאַ צענטער פאַר ייִדיש לימודים,
בר-אילן אוניווערסיטעט
פאַרלאַג "ישראל-בוך"

# זכות און זכיה

...אַז ייִדישע דיכטונג, ווי אין אונדזער פאַל: "די שירה פון יעקב פרידמאַן" - האָט זיך פאַרדינט די זכיה געלויבט און דערהויבן צו ווערן פון אַ נישט טאָג-טאָגיקן ליטעראַטור-קריטיקער, נײַערט פון אַ הויך-געלערנטער פערזענלעכקייט, אַן אומבאַגרענעצטע אין וויסן, און זײַן האַרץ איז אים פול מיט ליבשאַפט און שירה, איז נישט קיין חידוש, וואָס אין דעם זכות איז אַרויסגעוואַקסן די דאָזיקע מאָנאָגראַפיע, וואָס לאו כל סופר ויוצר זוכה בה. ס'איז אַ ווערק פון וועלכן דער מחבר איז דער ראש פונעם ייִדיש- פאַקולטעט אין בר-אילן אוניווערסיטעט, פּראָפּ' יוסף בר-אל, וואָס גרייכט דרגות און מדרגות.

און אַז איך שטיי אַזוי באַזאָרגט פון מײַן שוואַכן באַנעם, קומט מיר אויפן געדאַנק וואָס אין פאָלק איז דערציילט געוואָרן וועגן אַ געוויסן צדיק, וואָס זאָל האָבן געקומען אַהיים אין אַן ערב פּסח פון אַן אומגעהייערן שלאַקס-רעגן - אַ טרוקענער. און אַז מ'האָט אים געפרעגט: ווי געשיקט זיך דאָס, ווי איז דאָס מעגלעך? האָט דער צדיק געענטפערט: לעולם האָט דער רעגן טאַקע געפּלייצט ווי ס'וואָלט געווען חנוכּה-צײַט, און דאָ גיי איך און איך טראַכט: ס'איז דאָך ערב פּסח, היתכן? און כ'האָב זיך אַ ווענד געטון צום פּסוק: ונתתי גשמיכם בעתם - איז איצט די צייט? זיך טיף-טיף אַרײַנגעטראַכט און פון דער זיסקייט פון טראַכטן בין איך ניצול געוואָרן... און אַהיימגעקומען אַ טרוקענער.

אָט די זיסקייט וואָס לייגט זיך אַזוי אויפן גומען, לאָזט זיך פילן און אָפּפילן בעתן פאַרטיפן זיך אין יוסף בר-אֵלס וואונדערלעכער מאָנאָגראַפיע. ס'איז אחת במינה.

קומט דורך אַן אימתא דשירה - געשפּאַנטקייט פון אַזאַ לעילהדיקן וויסנשאַפטלער און הייסן ליבהאָבער פון ייִדיש-שירה, ווערט די אָ שירה, אין כּלל גענומען, בראַוואוריק דערהייכט צו אַזאַ הויכער סניגוריה, וועלכע איז אינגאַנצן, אינגאַנצן, דער וואונדערלעכער זכות פון דער אומגעהייערער ליבשאַפט און וויסן, מיט וועלכע אונדזער מחבר איז אָנגעזאַפּט און אָנגעפּולט.

און אַז מיר שטייען מיט פאַרגאַפטע מײַלער און פּענעס און ווילן לויבן די השגחה, וואָס האָט אונדז באַשערט אַזאַ דערהייבונג ווי דאָס בוך, זאָגן

מיר: אשריך יידיש וויסנשאַפט וואָס אין דיינע רייען איז **דאָס** אַרויסגעקומען.

און דעם וואונדערלעכן מחבר פראָפ' יוסף בר-אל: - "שש אנכי על אמרתך כמוצא שלל רב". (תהילים קט"ו, קט"ג).

**יעקב צבי שאַרגעל**

יעקב פרידמאַן איז פרי, צו פרי צוגענומען געוואָרן. אויך אין די ראַמען פון אַ ריין פּראָפעסיאָנעלער אָפּהאַנדלונג האָט מען ניט קיין אויסוועג סיידן דאָס באַצייכענען פון אָנהייב אַן און געבן דערמיט אַן אויסדרוק דעם וויי-געפיל אַז די יידישע פּאָעזיע איז פאַריתומט געוואָרן מיט זיין פריצייטיקער פטירה.

פון יעקב פרידמאַן ביז יאַנקעלע קאַנאַריק ציט זיך אַ דיכטערישער וועג און אין זיין פאַרלויף - אַ דיכטערישע מעטאַמאָרפאָזע, אַן ענדערונג קומט פאָר פון איין עק וועג, אויף וועלכן עס געפינט זיך יעקב פרידמאַן, ביז צום אַנדערן עק וועג, אויף וועלכן עס שטייט יאַנקעלע קאַנאַריק. ניט נאָר אין דער וועלט פון פויגל-געזאַנג איז דער קאַנאַריק אַ סימבאָל פאַר פּאָעזיע און געזאַנג, נאָר אויך אויף דעם מעטאָנימישן געביט פון פּאָעזיע איז דער קאַנאַריק איר אָנגענומענער פאָרשטייער, איר סימבאָל. לאָמיר פאַר אַ רגע איבערלאָזן דעם קאַנאַריק און זיך נעמען צום בן מלך, צום סימבאָל און דאָס וואָס ער שטעלט מיט זיך פאָר, דהיינו: סימבאָליזם. וואָס איז דאָס אייגנטלעך סימבאָליזם?.[1]

דאָס גענויע איבערגעבן פון איין זאַך דורך אַ צווייטער זאַך, און בפרט ווערט דער סימן געניצט פאַרצושטעלן עפּעס אַבסטראַקטע, ניט פון איצט און ניט פון הי. דער טערמין פאַר זיך אַליין איז מער ווי איינפאַכיק, האָט אַ משמעות לפנים ממשמעות אין דעם קריטיקערס באַנעם אָדער פאַרנעם. די גאַנצע פּאָעזיע, ווי אַ כּלל פאַר זיך, אין דעם געוויסן באַנעם, איז סימבאָליש. דאָס אַלץ דערפאַר, ווייל פּאָעזיע אין פּראָצעס פון שאַפן איז איין זוכעניש נאָך דער פאַסיקער מעטאַפאָרע, דער אידעאַלער פאַרגלייך-שטייגער אין וועלכער דער דיכטער וויל איבערגעבן זיין קאָנצעפּטועלע פאָרעם, און דאָס קלויבט ער אויס פון אַלע ווערטער וואָס באַפאַלן זיין באַוואוסטזיין אָדער זיינע אומבאַוואוסטע חושים. די דאָזיקע שפראַך האָט סיי ווי שוין אַ סימבאָלישע משמעות. מיט דער שפראַך שאַפט ער אַ וועלט, אַן אַטמאָספער און אַ פאָרעם וואָס זיינען ניט אַ סימן פאַר עפּעס אַנדערש,- נאָר אַ ממשות פאַר זיך און דאָס אַנדערע גופא וואָס די דיכטונג האָט גייען מיט דעם וועג פון סימבאָלן, פּראָבירן ניט צו געפינען סימנים פאַר אָדער אָנשטאָט עפּעס

אַנדערש,- נאָר שאַפֿן טאַקע דאָס אייגענע דורך אָדער מיטן סימבאָל.

"אוי, יאַנקעלע קאַנאַריק"[2] איז ניט נאָר אונדזער מיט ווייטיק אָנגעלאָדענער אויסשריי, נאָר אויך דער נאָמען און דער מהות, די אַנטאָלאָגיע פֿון יעקב פֿרידמאַנס ליד. דאָס ווערן פֿון די צוויי, אינהאַלט און פֿאָרעם איינס, איז שוין אַ דיכטערישע מדרגה, א ציל צו וועלכן אַ סך האָבן, וויסנדיק צי ניט וויסנדיק געצילט און ווייניק האָבן עס דערגרייכט.

"וואָלט" איז לשון קאָנדיציאָנאַל און דריקט אויס אַ וואונטש און אַ תּנאַי און אַ בענקשאַפֿט: "וואָלט" און אין אַ געוויסער מאָס דער סוביונקטיוו "זאָל", זיינען אַן אויסדרוק פֿאַר דעם באַגער צו דערגיין פֿון דעם וואָס מען איז, צו דעם וואָס מען וויל זיין. די פּאָעזיע האָט אַ קיום נאָר אין דער שפּאַנונג, אין גלוסט, אין באַגער, אַזוי ווערט דאָס מקויים אין יעקב פֿרידמאַנס שאַפֿונג: דער געשאַפֿענער אין דער געשטאַלט פֿון היוצר און אויך הבוחר בשירי זמרה, - דער געשאַפֿענער אין דער געשטאַלט וואָס ער האָט געשאַפֿן אין זיין פּאָעמע "אדם", אויסגעקנעט פֿון ערדישער ליים, מיט וואָרצלען אין דער שאול-תּחתּיה און שטרעבונגען צום הימל, איז אי אַ סימבאָל אי אַ מהות פֿאַר זיך אַליין פֿון אָט דער שטרעבונג.

ווערט, חלילה, די שטרעבונג מקויים, ווערט דאָס ליד אויס, ווי אַ ליכטל וואָס גייט אויס. דער פּאָעטישער וועג, וואָס אין זיין פֿאַרלויף אַנטשטייען און גייען אויס מענטשלעכע מידות און מעטאַמאָרפֿאָזישע פּראָצעסן, האַלט אָן אין זיך פֿאַרשיידןנאַרטיקע עלעמענטן, וואָס אויב אויסרעכענען נאָר אַ טייל פֿון זיי מוזן מיר, לפֿי שעה, דערמאָנען ליבשאַפֿט און רחמים, צניעות, שטרעבן און בענקען, פֿאַרלאַנגען און באַגערן, זוכן און גלוסטן, אויסקוקן די אויגן, נישטערן און הונגערן, פֿאָרשן און אויסגיין כּלות הנפש. דאָס זיינען אַלץ ייִדישלעכע וועגן, פּאָעטישע וועגן, מענטשלעכע וועגן, אַלץ איינס.

ביז מיר וועלן נאָך גרינטלעכער אַנאַליזירן דאָס פּאָרל "פּלאַנעט-פּאָעט" און אַזאַ שורה ווי "ווי וווּנדערלעך-פּלאַנעטיש וואָלט מיין ליד געוואָרן" פֿון דעם ציטירטן ליד, ווילן מיר נאָר צוגעבן, ווי אַ רמז אויף להבא, אַז אין אַכט און דרייסיק שורות לאַנג, חזרט זיך איבער דער וואָרטלעכער באַגריף פֿון באַגער ("וואָלט" און "אויב") גאַנצע זיבעצן מאָל, חוץ די קאָנצעפּטועלע אויסדרוקן פֿון ליד, וואָס זיינען גאָלע בענקשאַפֿט.

די שטרעבונג איז פֿון זיך צו אויסער זיך, פֿון מענטש צו פּאָעט און פּלאַנעט. דאָס איז די ענדערונג, די געגאַרטע מעטאַמאָרפֿאָזע. אָבער דאָס מקיים זיין

דעם אידעאַל, ווי דאָס שטרעבן צו אַבסאָלוטער אויסלייזונג, לייזט אונדז אויס פון דער מעגלעכקייט זיך צו געפינען אין דער מדרגה ווירדיק צו זיין אויסגעלייזט צו ווערן. "וואָלט אַ גאָט געווען און ער וואָלט דערהערט מיין גראַם" באַציט זיך צו דער פּאַגאַנישער אויפפאַסונג פון אַ גאָטהייט וואָס האָט אַ הוויה פאַר זיך און וואָס דערמעגלעכט דעם שטאַרבלעכן מענטשן די מדרגה פון אַפּאָטעאָזיס, דאָס דערהייבן זיך פון איבער מענטש צו נאָך ניט גאָט. דאָרט געפינט דער דיכטער און דער לייענער קיינעם און גאָרנישט נישט, און דער פּראָצעס פון פּאָעטישער מעטאַמאָרפאָזע קומט אָן צו אַ הויכפּונקט און פון דאָרט צו אַן אַראָפּפאַל: "אוי ווי אומעטיק, אוי ווי אומעטיק ס'איז צו יאַנקעלע קאַנאַריק!" אויס פּלאַנעט, ווידער פּאָעט, ווידער אַ מעגלעכקייט צו שטרעבן און בענקען.

בענקט יאַנקעלע אַ מענטשלעכע בענקשאַפט צו עפּעס וואָס איז אויסער אים, צו אַזאַ ציל ווי אַן אייביקער שבת, וואָס קיינער קען אים ניט און אַלע ווילן אים.

יאַנקעלע איז אין לייב, אין זיין, ניט קיין קאַנאַריק. יאַנקעלע איז אַ ייִדיש קינד, אַ טאַטנס אַ קינד מיט אַן עול פון דער פריעסטער קינדהייט: אָפּגיסן נעגל און זאָגן מודה אני און דאַוונען און מאַכן אַ ברכה און בענטשן און לערנען תּורה און פאָלגן טאַטע-מאַמע, דער גאַנצער און לאַנגער וועג צו תּרי"ג, און דער קאַנאַריק איז פריי, אויף אַזוי ווייט פריי אַז אפילו באַגערן און בענקען וויל ער ניט, און אפשר קאָן ער ניט.

דאָס בענקען צו דער גאולה, די עסכאַטאָלאָגישע מדרגה פון יעקב פרידמאַנס פּאָעזיע איז אַ בכבודיקע סדרה פאַר זיך, אַ פּרשה וואָס פאָדערט אַ פאַרזיכטיקן אַנאַליז, און ווי אַ פּועל יוצא דערפון, איז געשלאָסן דערמיט אַ סוגיה ברשות עצמה, דער אָביעקט פון גאולה: דער מענטש און דעם מענטשס וועלט. איז יעקב פרידמאַנס פּאָעזיע, אָקסימאָראָניש ווי ווייט און טיף זי זאָל נישט זיין, אַן אַנטראָפּאָצענטרישע פּאָעזיע צי אַ טעאָצענטרישע פּאָעזיע? שטייט גאָט אין צענטער פון דער פּאָעטישער הוויה צי דער מענטש, דער "אדם" וואָס "די גאַנצע וועלט זינגט אין אים".

איז דאָס ליד "תּפילה" אַ תּפילהדיק ליד,[3] אָדער במקום אַ תּפילה, וואָס ווערט געזאָגט מיט אַ גאַנץ האַרץ, פונעם סידור, שיין און קלאָר וואָס פליסט ווי "ברכי נפשי" צי שטומפּיק ווי "אָץ קוצץ", צי איז אפשר דאָס אַ תּחינה פאַר ווייבער וואָס ווערט געזאָגט מיט אַ צעבראָכן האַרץ און אַ ביטערן געמיט:

ווי מיין באָבע צו מנחה
איבערן צאינה וראינה
וועל איך עפענען מיין האַרץ
פאַר דיר מיט געוויין,
באַשעפער מיינער...[4]

דער באָבעס תּחינה הערט ניט אויף צו זיין אַ תּחינה הגם זי פאַרוואַנדלט זיך אין אַ תּפילה און איר פּאָעטישע פיקסאַציע איז א תּפילה. צווישן די טעווועלעך ליגן צוזאַמען עצבות און תּפארת, די מדרגה פון דיכטערישער פּילפּאַכיקייט, די אייניקייט אין דער פאַרמערונג און די פאַרמערונג אין אייניקייט [5].

מיינע וואָרצלען
האָבן דעם חלק זאַפט געזויגט
וואָס האָסט באַווויליקט פאַר זיי אין דער וועלט,
און מיינע קרוינען - דעם חלק ליכט. [6]

עס ליגן דאָ צוזאַמען אי וואָרצל אי קרוין, אי ליכט פון הימל, אי זאַפט פון דער ערד, בוים-געוויקס און מענטש-דיכטער ווערן איינס:

איך האָב געטאָן פון אַלץ
וואָס דו האָסט צו אַ דיכטער-בוים געבאָטן״...[7]

און דער אור-אַלטער און כּסדר פריש און אַקטועלער פאַרגלייך מענטש–בוים, פּירות, אויפטוען, מעשים טובים, באַקומען די לירישע דימענסיע וואָס דער דיכטער, ברענגענדיק זיי צום מזבח פון געפיל-אויספלוס, מעסט זיי סיי ווי זיי האָבן אַ ווערט פאַר זיך און סיי פאַרגלייכט מיט אַנדערע פּירות פון אַנדערעביימער.

״לעגענדע״ אָדער ״אגדה״ איז דער שמייכלדיקער צד פון דעם איינעם און דעם זעלבן פּנים וואָס דער צווייטער צד איז הלכה: שטרענג און ערנסט. לעגענדע איז די פאַרגאַנגענע רעאַליטעט וואָס איז רעאַליע קיינמאָל ניט געווען און האָט ניט קיין אַרכעאָלאָגישן שריד ופליט, וואָס האָט ניט זיין

פאַרגאַנגענהייט אין דער זעלבער מאָס וואָס לעגענדע צילט צו דער צוקונפט. "והיה ביום ההוא", לשון עבר איז אויך צוקונפט, די געבענקטע ווירקלעכקייט וואָס איז קיין מאָל קיין ווירקלעכקייט ניט געווען, נייערט אַ בענקשאַפט ווי די בענקשאַפט פון הארץ צום קוואַל, וועט זיך פאַרוואַנדלען, אין די טיפענישן פון דיכטונג, אין אַ דיכטערישער ווירקלעכקייט פאַר זיך.

אַזוי איז די לעגענדע נח גרין ניט לעגענדע נאָר לירישע דיכטונג, איך-געזאַנג:

"רעדט נח גרין צו זיך אַזוי אין מיטן נאַכט:
אַז דער באַשעפער אַליין האָט זיך מטריח געווען און מיך איסגעטראַכט און דערנאָך זיין מחשבה אַריינגעלייגט אין ליד פון פלייש, אָדער אין ביין, איז דאָך זיין ליכטיקע טרחה אוודאי כּדאי געווען.
איז היידאַ, סמירנאָ, יאַטן, די היטלען נעמט אַראָפּ פאַר דעם שעדעווער נ׳ח גרין.
און איך, איך וועל דאַנקען דעם באַשעפער, וואָס איך בין פּינקטלעך ווי איך בין, מיט קיין האָרעלע נישט אַנדערש, אייביק - איינמאָליק - איך".[8]

אַחוץ "איך", דער דאָמינאַנטער כח אין יעקב פרידמאַנס שאַפונג, דער הויפּט-מאָטיוו, זיינען דאָ נאָך מיטבאַגלייטערס: רחמים און ליבשאַפט, גאָט ליד און תּפילה. די פאַרמערונג פאַרוואַנדלט זיך אין פּראָצעס פון שאַפן אין איין אחדות. אַזוי למשל אין ליד "ליד". אויב דאָס פריער-דערמאָנטע ליד "אַ תּפילה" איז אַ ליד, איז דאָס ליד "ליד" אַ תּפילה צו גאָט. ווען אַ ליד ווערט געבוירן:

דעמאָלט איז גוט אַז דער פּאָעט זאָל פאַרענדיקן זיין לידערבוך
און גיין זאָגן זיין אָוונט-געבעט,
וואָרעם די שענסטע צייט פאַרן דיכטער
איז די שעה פון תּפילה נאָכן פאַרענדיקן אַ ווערק.[9]

יעקב פרידמאַנס פּאָעזיע פאַרמאָגט אַן אייגנאַרטיקע מעטאַפאָריק, אַ

ייִדישע מעטאַפאָריק, אַ חסידישע, און זייענדיק אַזוי אייגנאַרטיק, ייִדיש און חסידיש, ווי אַ שטייגער:

לבנה-שיין גייט אום אין זאָקן פון זייד[10]

אָדער:

און איך וועל זיין דער גרויסער מלך פון כעלעם
וואָס טרינקט חלום מיט עפּלקוואַס.[11]

אָדער:

אַ זשמעניע ליכט [12]

אָדער:

האָרך, סע שרייט צו דיר מיין ייִדיש ליד
ווי אַ למד-וואָווניקל[13]

איז די מעטאַפאָריק ניט נאָר ייִדיש און חסידיש נייערט אוניווערסאַל. דער אימאַזשיזם וואָס ווערט געשאַפן מיט דעם מעדיום פון דער היימישער, שמייכלדיקער יידישער שפּראַך ווערט - פון אַ וועלט פּאַרנעם "אַ לעבן לאַנג בין איך אָפּגעזעסן אין דעם אַלקערל דאָ און פון דעסטוועגן אַ וועלט אַ גאַנצע דורכקאַטייעט מיט מיין וואָגן. איך האָב געקענט די קונץ נישט אַ ריר צו טאָן מיט אַ פוס, און פון דעסטוועגן אַלע מדינות אויסצושפּאַנען.[14]

און די אייגנשאַפט גייט אַריבער פונעם זיידע יונה צום אייניקל יאַנקעלע קאַנאַריק אין אַ פּראָצעס פון דיכטערישער מעטאַמאָרפאָזע, אין דער זעלבער מאָס וואָס זי טריפט פון אייניקל דיכטער צום זיידע יונה, אין דער דיכטערישער אויפפּאַסונג. דער דיכטער שאַפט דעם זיידן מיטן וועלט-פּאַרנעם, אין דער געשטאַלט וואָס ער וואָלט געוואָלט געשאַפן ווערן, מיט דעם זיידנס אייגנשאַפט. דאָס איז אַ ווייטערדיקער אַספּעקט פון דער דיכטערישער מעטאַמאָרפאָזע.

די יידישע ווערבן וואָס דריקן אויס "זאָגן" האָבן אַ באַצוימטן
געביט און זיי גילטן נאָר אויף זייער באַשטימטן שטח. אין פּסוק "שטייט",
די גמרא "זאָגט" און רש"י "מאַכט" זיינען בלויז געציילטע מוסטערן פון
די אָפּגעזונדערטע תחומים וואו דאָס וואָרט ווערלטיקט. "דברן" האָט זיך אַן
אייגנאַרטיקן ניואַנס. נאָר כּדי אָפּגעהיט צו זיין אין סדר, און פאָלגן דעם
אויסדרוק "מה נאמר ומה נדבר" וועלן מיר אָנהייבן מיט "אמר". "אמר" מיינט
צום סאַמע ערשטן, דערהייבן (empor heervorsprudeln, streben). אַזוי
ווי בצבץ ועלה - התאמר, אמור, יביע אמר. איידער מיר האָבן געהאַט "זאָגן
און רעדן" האָבן מיר שוין פאַרמאָגט אמר און דבר. "תזל כטל אמרתי" איז
בלויז איין אילוסטראַציע וואו "נזל" און "אמר" באַגעגענען זיך אויפן תחום
פון אויספלוס. נאָענט צו דעם באַטייט זיינען sprechen און spritzen וואָס
שטאַמען פון זעלבן שורש, אַזוי ווי דער "נביא" גיט אַן אויסדרוק דעם "נבע" -
אויסגוס, שפּרודל, טראָגן עפּעס אויף די ליפּן, אַרויסנעמען ווערטער פון
מויל, sagen, aussern. דאָס וואָרט איז אַ סינאָנים צו "נשא" וואָס איז טייטש
אַנטפּלעקן פאַר די ליפּן די מחשבות פון האַרץ. דער קעגנטייל איז "כּסה"
באַדעקן באַהאַלטן עפּעס אין האַרץ, אַזוי ווי "צדקתך לא כסיתי בתוך לבי,
אמונתך ותשועתך אמרתי" (תהילים מ,יא). עס מיינט אויך אויסשרייען אויף
אַ קול (ausrufen) ובפרט ווען דאָס וואָס מען רופט אויס האָט אַ לאָגישן
סדר און לייגט זיך אויפן שכל: "אמר לחכמה אחותי את" (משלי ז,ד), דערמיט
איז אמר גאָר אַנדערש פון דעם שורש "דבר" (sprechen) וואָס באַציט זיך
צו ווערטער - און אַ ראיה אין שופטים יב,ו: "אמר-נא שבלת ויאמר סבלת
ולא יכין לדבר" טייטש: זאָג אָקאָרשט שבולת און האָט געזאָגט סבולת ווי
ער האָט ניט געקענט אויסרעדן ריכטיק. "אמר" האָט נאָך און נאָך באַטייטן,
אַזוי ווי צו מאָל כדברים האלה, כזאת וכזאת (namlich) און צו מאָל אַזוי
צו זאָגן. אמר האָט אויך דעם באַטייט באַפעלן (צוה, פקוד) און אויך צוזאָגן
(versprechen). אַן אַנדערער באַטייט איז דענקען, האָבן עפּעס אין זינען.
אין נפעל איז "נאמר" מיטגעטיילט אָדער אָנגערופן ווערן, און אין התפעל
איז "התאמר" אַזוי ווי "התגדל והתרומם" - דערהייבן זיך מיט אייגענע לויב-
ווערטער.

"דבר" דער ווערב האָט אויך זייער אַ סך ניואַנסן, פון זאָגן (Worte fuhren), ווי "ודבר מישרים" (ישעיה לג,טו) ביז אונטערוואַרפן, אַזוי ווי "וידבר עמים תחתי" (תהילים יח,מח). אָפּשטאַמיק פון "מדבר" איז דער סובסטאַנטיוו "דבר" וואָס באַציט זיך צום איבנדערמאָנטן ווערב, און ווייזט אָן אויף דער פעאיִקייט פון מענטשלעכן רעדן. עס איז אַ סעמאַנטישער פּראָצעס - אַזוי ווי אַ פּאָלק ווערט אָנגערופן "לשון" ווייל עס פאַרמאָגט אַן אייגנאַרטיקע שפּראַך, אַזוי ווערט אָנגערופן "דבר" יעדע זאַך וואָס האָט אַ נאָמען אין דער שפּראַך, און אַזוי אויך אין ייִדיש: אייגנאַרטיק זענען "אָנרופן זיך", "קומען צום פּסוק", "לאָזן הערן", "דערלאַנגען לשון (פּאַרע)", "אַוועקלייגן אַ מענה-לשון", "דעקלאַמירן", "שאַלעמויזן" וכדומה לדומה.

פּאָעזיע מיינט אויך עפּעס "זאָגן"[15] אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן. אמת, עס זענען דאָ אַזעלכע וואָס, ביז זיי באַקענען זיך מיט דער דיכטונג און לערנען קענען פּאָעזיע פון דער נאָענט מיינען אַז דער סאָרט "זאָגן" איז אַ טשיקאַווער און אַן אומניצלעכער. די אומבאַהאַוונטע אין דיכטונג גלייבן אַזוי און ברענגען דערצו צוויי ראיות. ווי אַן "אופן פון זאָגן", דער שטאַרק באַטאָנטער ריטעם און די פיגוראַטיווע שפּראַך זעט אויס מאָדנע, ניט צו דער זאַך און צעמישט, און וואָס שייך דער ענין פאַר זיך, דאָס "געזאָגטע", איז ניט אַן אויסגעהאַלטענע מעשה און אויך ניט קיין באַלערנדיקע "אינפאָרמאַציע", וואָס קען צו נוץ קומען. בקצור, פּאָעזיע זעט אויס צו זיין אומנאַטירלעך און דאָס וואָס ווערט שוין דאָרט יאָ געזאָגט, קלעבט זיך ווי אַרבעס צו דער וואַנט.

טראָץ דעם אַלעמען, האָט פּאָעזיע עקזיסטירט אויף דער וועלט זינט גאָט האָט באַשאַפן הימל און ערד און מענטש, דעם נזר הבריאה בצלמו, אין די צייטן פון פאַרנעפּלטע קדמוניות, און האָט איבערגעלעבט, אין איין פאָרעם אָדער אין אַן אַנדערער, פון דעמאָלטן ביז היינט צו טאָג. ווען מיר באַגרייפן דעם מעשה בראשית פון "רוח אלוקים" און "ויאמר אלוקים", קאָנען מיר אָננעמען די מעגלעכקייט אַז פּאָעזיע זעט נאָר אויס אומנאַטירלעך און האָט ניט קיין שייכות צו ממשות און לייגט זיך ניט אויפן שכל. מיר קאָנען ווידער קומען צום אויספיר אַז פּאָעזיע קוועלט פון טיף-מענטשלעכע אימפּולסן און די פּולסן זענען מקיים מענטשלעכע נויטן.

אַנאַליזירן פּאָעזיע איז סיי ווי אַנאַליזירן דעם אופן זאָגן. דעם אופן זאָגן האָט דער מענטש באַטראַכט זינט ער איז געקומען צום אויספיר, אַז זאָגן

איז אַ פּועל יוצא פון טראַכטן ביודעין ושלא ביודעין. עס קאָן זייער מעגלעך זיין, אַז דער אופן זאָגן טראָגט דעם בולטן כאַראַקטער שטריך פון אַ שטאַרק באַטאָנטן ריטעם. דער ריטעם איז, ווי באַקאַנט, דאָס איבערחזרן, אין דער דימענסיע פון צייט, פון אַן אויפנעמבאַרן מוסטער, אַ פּאַרעם וואָס חזרט זיך איבער כסדר און מינערט זיך אויף קיין האָר ניט אפילו. דער מוסטער קאָן זיין אַ וויזואַלער, אַזוי ווי אין דעם כסדריק בליצן פון אַ ליכט אָדער דער אָנקום און אָפּטריט פון כוואַליעס ביים ברעג ים, אָדער עס קאָן זיין אַ מוסטער פון איבערחזרן זיך, אַ כסדרדיקע ווידערהאָלונג ניט נאָר אין דער דימענסיע פון צייט, נאָר אויך אין דער דימענסיע פון רוים - און אַ סימן דערצו: גאַנץ אָפט נעמען מיר אויף די ריטמישע עלעמענטן אין אַ מאָלעריי; פונדעסטוועגן איז פּאָעזיע, און אין אונדזער ספּעציפישן פאַל איצט, יעקב פרידמאַנס פּאָעזיע, אַ כאַראַקטעריסטישע נגיעה בדבר מיט אַ הערנדיקן (aural) ריטעם, דער ריטעם פון קלאַנג. דער הערנדיקער ריטעם איז קלאָרער און אַסערטיווער - דאָס מיינט זיכער און פעסטגעשטעלט מער אין דעם טיקטאַק פון אַ זייגער אָדער מעטראָנאָם, אָבער ווי געוויינטלעך באַמערקן מיר אַ סך מער וויטאַלע ריטמוסן אַרום זיך, ווי דער קלאַנג פון גרילן אין אַ זומער-נאַכט, דער דופק פון האַרץ און אַ מענטשלעך קול. אייגנטלעך, אָט די גאַנצע וועלט אין וועלכער מיר לעבן האָט אַ האַרץ וואָס קלאַפּט אין אַ ריטעם פון אַלע סאָרטן: אַ וויזואַלער ריטעם, אַ הערנדיקער ריטעם, אַ טאַקטילער (tactile) ריטעם, אויפנעמבאַר מיטן געפיל פון אָנטאַפּן. דער גאַנצער ריטעם פון צייט-פאַרלויף, חלופי-הזמנים, דער וואוקס און פאַרמינערונג פון דער לבנה, דער ריטעם פון שטראָם, פון ים-פלייץ, דאָס פליִען פון פויגל איבערן הימל. דער מענטש פאַר זיך איז דער סאַמע פלאַץ פאַר ריטעם, דער "לאָקוס ריטמי": דאָס קלאַפּן פון האַרץ, דאָס איינאָטעמען און אויסאָטעמען, דאָס וואַך זיין און שלאָפן, אַרבעט און אָפּרו, הונגער און זאַטקייט.

ריטעם איז אַ פּועל יוצא וקיים פון דער גאַנצער מערכה פון לעבן און איז, פאַרשטענדיק, טיף איינגעוואָרצלט אין דער חוויה און אין דעם אויסדרוק, אין דער גאַנצער עקספּרעסיווער גאַמע פון עמאָציע, געפיל-איבערפלוס. אַזוי ווי מיר אַנאַליזירן דעם ענין פון פּאָעטישן "זאָגן", דאַרף מען צוגעבן און זאָגן אַז דער עמאָציאָנעלער אויסדרוק איז אַ מהותדיקער עלעמענט אין פּאָעזיע,- און אַז ריטעם איז אַ נאַטירלעכער און ניט קיין קינסטלעכער אַספּעקט פון פּאָעזיע. און דאָס דאַרף אינטערפּרעטירט ווערן ווי אַן אָנדייט פאַר דער

פאַרבינדונג צווישן פּאָעזיע און דער אַלגעמיינער דערפאַרונג פון לעבן.

דער גראַם האָט אויך אַ דירעקטע פאַרבינדונג מיט אונדזער מענטשלעכער סטרוקטור. דער גראַם האָט אַ שייכות, אַזוי ווי דער ריטעם, צו די סאַמע אָנהייבן פון שפּראַך. מען דאַרף זיך צוקוקן צו די קליינע קינדער אין וויגל, ווי זיי שפּילן זיך און האָבן הנאה פון קלאַנגען, דאָס "גאָגערן", ווי עס ווערט אָנגערופן (אָדער talling אויף ענגליש). די קליינע קינדער האָבן דערפון אַ געוויסע הנאה אָבער גלייכצייטיק, - און אפילו ניט וויסנדיק דערפון, אַרבעטן זיי, נעבעך, שווער און ביטער אויף אַ גרויסן פּראָיעקט פון לערנען אַ שפּראַך, די ערשטע שפּראַך. ווען זיי וועלן עלטער ווערן וועלן זיי פאַרצויבערט ווערן פון אַ זאַץ, פון אַ קלאַנגען-צוזאַמענגוס, ווי אַ שטייגער "טריף-טריף-טראָפּן" און "אוי, דידל, לידל דידל" אָדער "סאַלאַ, סאַלאַ נאַדע /פון קלינג-קלאַנג לאַנד".[16]

די קינדער וועלן ניצן די חדר-גראַמען כדי צו געדענקען דעם פּירוש המלות, אַ מין מעמאַ-טעכניש מיטל ווי: אלה תולדות נח/ פון בראָנפן קריגט מען כח/ אַ גלעזעלע וויין איז דער עיקר/ פון בראָנפן ווערט מען שיכור/ אב איז אַ פאָטער/ קדר איז אַ טאָטער/ אַ טאָטער איז קדר/, בגדים זענען קליידער,/ קליידער זענען בגדים,/ רויט איז אדום,/ אדום איז רויט,/ לחם איז ברויט,/ ברויט איז לחם,/ טראַכט איז רחם,/ רחם איז טראַכט,/ שמונה איז אַכט,/ אַכט איז שמונה,/ אַ טויב הייסט יונה,/ יונה איז אַ טויב,/ מצנפת איז אַ הויב,/ אַ הויב איז מצנפת,/ אַ שטאַל איז רפת,/ רפת איז אַ שטאַל,/ מרה איז אַ גאַל,/ אַ גאַל איז מרה,/ אַ קו הייסט פּרה,/ פּרה איז אַ קו,/ בוקר איז פּרי,/ פּרי איז בוקר,/ טייער איז יוקר,/ יוקר איז טייער,/ אַש איז פייער,/ פייער איז אַש,/ בשר איז פלייש,/ פלייש איז בשר,/ חזיר איז אָסור,/ אָסור איז חזיר,/ מים איז וואַסער,/ וואַסער איז מים,/ לאָמיר ביידע טרינקען לחיים![17]

דער אָנהייב און סוף פון דעם חדר-קינדער-לידל האַנדלט מיט טרינקען בראָנפן, וואָס האָט ניט קיין דירעקטע נגיעה צו קינדער סיידן זיי רעדן נאָך וואָס זיי הערן, האָט דער רוב לידל אָבער אַ לעקסיקאָלאָגישן ווערט, עס גיט איבער מיטן גראַם און צום טאַקט, מיט אַן איינגעשטעלטן ריטעם, דעם באַטייט פון וואָרט מיט אַ קלינגענדיקער ווערטער-סטרוקטור.

דאָס פּאָרל "ווערטער-סטרוקטור" וואָס ווערט געניצט אין דעם פאַל, איז אַ צוזאַמענגוס פון ריטעם און גראַם. דער באַגריף פון דער ווערטלעכער

סטרוקטור, אָדער ווערטלעכע פאַרעם איז מרמז אויף אַן אַנדערן אַספּעקט פֿון דער נאַטירלעכקייט פֿון פּאָעזיע, פֿון זיין די פּאָעזיע אַן אינטעגראַלער חלק פֿון דער מענטשלעכער הוויה. ווען מיר פֿאַררופֿן זיך אויף דעם קלינגענדיקן "שטאַם-גראַם": **אבא גאדא הזאחטיך לאמא נאסע פאצקא רעשעת,** כּדי צו געדענקען דעם סדר האלף-בית, אָדער: אַרש, מאַרש, פֿראָוואַלי/ צוואַנציק קערבלעך פֿאַר אַ קי/ איקס, מיקס, דריקס/ פּאָניע גנב מיט דער ביקס, כּדי ציילנדיק די ווערטער לויט די קינדער, וואָס באַטייליקן זיך אין שפּיל, וואַרפֿן גורל פֿאַר דעם וואָס גייט אַרויס, אָדער, כּדי צו געדענקען דעם טייטש, חזרן מיר איין: ויתן לך, קיין געלט איז ניטאָ/ מטל השמים, ס'איז ניטאָ וואו צו לייען,/ ומשמני הארץ, דאָס געלט איז באַם פּריץ/. די געציילטע דוגמות אילוסטרירן די נויט צו פֿאַרלייכטערן דעם זכרון דורך ריטעם און גראַם, וואָס ניצן ווי אַ מעמאָ-טעכניש מיטל. אין אַנדערע אור-אַלטע, פּרעהיסטאָרישע קולטורן, זענען די מיטאָסן און געשיכטעס פֿון שבט, די מאַגישע געזאַנגען און רעליגיעזע ריטואַלן איבערגעגעבן געוואָרן אין ווערבאַלע פֿאָרמען אַזעלכע, וואָס האָבן פֿאַרלייכטערט דאָס איבערגעבן פֿון איין דור צום אַנדערן. אין דעם זין, האָט די פֿאָרעם געהאַט אַ פּראַקטישע פּעולה אין אָפּהיטן און איבערגעבן אינפֿאָרמאַטיווע ווערטן, אָבער די פֿאָרעם גופֿא האָט קאָמבינירט אין זיך אין אַ האַרמאָנישן צוזאַמענגוס די נויטן פֿון ריטעם, פֿון גראַם, אַליטעראַציע וכדומה לדומה.

יעקב פֿרידמאַנס פּאָעזיע שפּרודלט מיט די צוזאַמענגוסן פֿון ריטעם און גראַם. בלויז אַ פּאָר געציילטע דוגמאות:

ס'האָט גערעגנט מיט שירה זיין לירע[18]

דער עצם נאָמען זאַנזאַני, וואָס ער האָט געמינצט, איז אַ בולטע דוגמה פֿאַר דער פֿאַרטאָפּלונג פֿון ריטעם און גראַם.

זאַנזאַני, האָט אסתּר געזאָגט, זאַנזאַני, ליכטיקער מלך פֿון גראַם[19]

און נישט נאָר דער נאָמען "זאַנזאַני", וואָס זעט אויס און קלינגט אויסטערליש און פֿאַרנעפּלט מיט אור-אַלטער מגילה אַטמאָספֿער, נאָר צו דעם רומל געהערט אויך אחשוורושעס הויפֿנאַר "סאַנדזשימבל"[20]

אָדער

די מלכה סאַלאַ, סאַלאַ נאַדע
פון קלינג-קלאַנג לאַנד
קאַוואַלקאַדע[21]

אַזוי ווי ריטעם און קלאַנג זענען מענטשלעכע נויטווענדיקייטן און על-פּי דרך הטבע, איז אַזוי אויך די מעטאַפֿאָרע, וואָס איז אַן אופֿן זאָגן אויף אַ פֿיגוראַטיוון שטייגער, און אין וועלכן אַ וואָרט, אָדער אַ זאַץ זענען אָנגעווענדט פֿאַר אַ מענטשן, אַ געדאַנק אָדער אַ זאַך, וואָס אין אַ דירעקטן אופֿן, אות באות, כמשמעו וכפשוטו, קאָנען ניט געניצט ווערן און זענען נישט אָנווענדלעך. אַ מעטאַפֿאָרע איז אַ פֿאַרשוויגענע, נישט-דערזאָגטע אַנאַלאָגיע, וואָס אויף אַ פֿאַנטאַזיעדיקן אופֿן אידענטיפֿיצירט איין ענין מיט אַן אַנדערן. אַ מעטאַפֿאָרע איז איינע פֿון די מיטלען (צווישן מעטאָנימיע, סימילע או.א.) מיט וועלכע דער דיכטער בייט, אָדער קערט אום, דעם דירעקטן באַטייט פֿון וואָרט.

פֿאַר די וואָס שאַצן זיך "פּראַקטישע מענטשן", אָדער "רעאַליסטישע מענטשן", אָדער גאָר "קאָפּ-מענטשן", זעט אויס די פּאָעטישע מעטאַפֿאָרע ווי נישט נאַטירלעך, מחוץ לדרך הטבע, פֿאַרפֿרעמדט, אייבערפֿלעכלעך און מליצהדיק. דער דאָזיקער צוגאָב צו מעטאַפֿאָרע איז אַפֿנים באַרעכטיקט דורך דער טעאָריע איבער דעם אָפּשטאַם פֿון שפּראַך און וואָס איז געווען אַן אָנגענומענע טעאָריע אַ געוויסע צייט: די טעאָריע לויט וועלכער די שפּראַך אַנטוויקלט זיך דורך פֿאַרגלייך צווישן וואָרט און זאַך אָדער באַגריף, אויף אַן אופֿן פֿון ניט אומזינען. אין אַזאַ שפּראַך פֿון פּראַקטישע עקוויוואַלענטן, האָט זיך דער מעטאַפֿאָרישער באַנוץ אַנטוויקלט ווי אַ מין דעגענעראַטיווע קראַנקייט.[22]

דער באַגריף איבער דעם אָפּשטאַם פֿון שפּראַך און דער רעדוקטיווער איספּיר וועגן מעטאַפֿאָרע ווי אַ קראַנקייט פֿון שפּראַך, איז שוין לאַנג אָפּגעוויזן געוואָרן. דער נאָר-וואָס ציטירטער באַרפֿילד האָט שוין לאַנג געשריבן אַז: דער סאַמע בולטסטער קאָנטאַקט-פּונקט צווישן מיינונג און פּאָעזיע, - און מיר באַטראַכטן דאָך איצט די סוגיא "פּאָעזיע מיינט אויך עפּעס זאָגן" אין דער כוללדיקער פּרשה "די שירה פֿון יעקב פֿרידמאַן", איז די מעטאַפֿאָרע. איינע פֿון די ערשטע דערשיינונגען וואָס אַן עטימאָלאָגיע-סטודענט דערשלאָגט

זיך דערויף איז, אַז יעדע מאָדערנע שפּראַך, מיט איר גרויס פאַרמעגן פון אַבסטראַקטע טערמינען און ניואַנסן פון מיינונג און אַסאָציאַציע איז, אַפּנים, גאָרנישט מער, פון אָנהייב ביזן סוף, ווי נאָר אַן אומגעהייער געוועב פון פאַרשטאָרבענע אָדער פאַרשטיינערטע מעטאַפאָרן. אויב מיר פאָלגן נאָך די שפּורן פון אַ גרויסער צאָל ווערטער, -אָדער די עלעמענטן וואָס שטעלן זיי צונויף, ווי ווייט צוריק ווי נאָר עטימאָלאָגיע קאָן דערפירן - קומען מיר צום אויספיר, אַז דער גרויסער רוב באַציט זיך זינט די שנים קדמוניות צו צוויי אור-שטאַמען: אַ שטאַרקע און פּילנדיקע זאַך, אויפנעמבאַר מיט די חושים און אַקטיוויטעט פון אַ בעל-חיים, מסתּמא אַ מענטש. אילוסטראַטיווע דוגמאות זיינען דאָ לרוב אין די ווערטערביכער.

און אויב אין אַ צילברעט-קולטור אָדער יעגער-קולטור איז דאָס ריכטיק, און אַזעלכע אָביעקטיוו-וויסנשאַפטלעכע באַגריפן ווי elasticity פון איין זייט און מעטאַפיזישע באגריפן, ווי abstract פון דער צווייטער זייט, ציִען זייער יחוס פון דעם ווערב draw אָדער drag, - איז אַזוי אויך אין אַ שפּראַך פון אַ מצוה-קולטור אָדער תּפילה-קולטור, דער קאָנקרעטער "ווייך" און "ווייקן" און דער אַבסטראַקטער "ווייכן" (אויסמיידן) ציִען זיך פון איין יחוס: דער שורש "קרב" איז אַ קדמון פון "קרוב" (נאָענט, פריינט) און פון "קרב" (קאַמף, מלחמה): און "קדם" קוקט אויף נעכטן און אויף מאָרגן גלייכצייטיק, קאָנקרעטע פאַרגאַנגענהייט און אַבסטראַקטע צוקונפט. דער אויספיר איז אַז שפּראַך האָט זיך נישט אַנטוויקלט אין אַ ריינער מעכאַנישער פאָרעם, פריי פון אָנשטעקן זיך מיט דער באַלאָדנקייט פון עמאָציע, נייערט אין אַ פאָרעם וואָס האָט פאַרקערפּערט און כולל געווען אין זיך און אויסגעדריקט די טיפקייט און געדיכטקייט פון דערפאַרונג, - דאָס צוזאַמענדרינגען דעם סטימול, שטויס און אָפּרוף, אָפּקלאַנג פון אָביעקט, ציל און נמשל און פּערצעפּציע, מערקונג, תּפיסה פון אידעע און עמאָציע, פּאַטאָס, פון אַקציע און געפיל.

# "נפילים" -
# געפאַלנקייט און אַפּאָטעאָזיס

---

דראַמע פון אָלימפּוס און פון סיני

## יעקב פרידמאַנס דראַמאַטישע פּאָעמע "נפילים" (1963)

טראָגט דעם בולטן כאַראַקטער-שטריך פון דיכטער, די גרעאָטראַפּישע נייגונג. פאָרמולירן דעם קאָמפּליצירטן ענין פון אַ דיכטערישן גייסטיקן מעכאַניזם, ווי פאַרנעפּלט אַזאַ סוגיא זאָל ניט זיין, - בקצור, ווי אַ סך-הכל פון אַן אויספיר, וועלן מיר קאָנען זאָגן אַז אין דער פּאָעמע שפּיגלט זיך אָפּ יעקב פרידמאַנס פּאָעטישער און פערזענלעכער פעסימיזם, זיין הומאָר און זיין כאַראַקטער, אויב מיר נעמען אָן דעם, און דעם געמיינזאַמען שטריך וואָס פאַרבינדט די צוויי, די עקוואַציע מזג - humidity - כאַראַקטער און אַז אי "ירידה" אי "נפילה" ווי אַבסטראַקטע באַגריפן, אי זייערע סימבאָלן, פאָרשטייער "נפיל" און "יורד", זענען אינדיקאַטאָרן פון דעם רעזיגנאַציע-געפיל, אַנטוישונג, געפאַלנקייט.

> נישט געקומען נאָך די שעה פון נאָך אַ מאָל באַשאַפן,
> נישט געקומען נאָך די צייט פון צווייטן מאָל צו פּרוּוון.
> פאַרבלייבן זאָל דאָס ליים נאָך ליים.[23]

יעקב פרידמאַן איז מקיים אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע, און אין דער לייטישער ייִדישער ליטעראַטור, דעם היפך פון דעם וואָס שלום-עליכם האָט מקיים געווען אין זיין ליטעראַרישער שליחות. איבער "נפילים"-איינשליסנדיק די פאַסטאָראַלע און לירישע סצענעס, שוועבט אַ וואָלקן פון ערנסט, די מאָס פון דין. דער מידת הדין דאַרף האָבן צוגעבונדענע אויגן, דער מידת הרחמים האָט אַנטבלויזטע: דער שמייכל קוקט אַרויס פון די גאַרע, פרייע אויגן. אומעטום וואו דער שמייכל גילט דאָרט ווירקט דער מענטשלעכער גייסט און דער הומאָר פירט אויס זיין שליחות. פון דער פּערספּעקטיוו וואָס דער הומאָר שאַפט, זעט אויס דאָס לעכערלעכע ניט אַזוי לעכערלעך און דאָס טראַגישע זעט אויס ניט אַזוי טראַגיש: דעם וואָס לאַכט אָפּ פון דער צעשפּאָלטנקייט פון דער וועלט, פאַרגייט אַביסל דאָס געלעכטער און פאַרבייט זיך אויף אַ ביטערלעכן קהלת-שמייכל און דעם וואָס וויינט אויף דער

צעשפּאָלטנקייט פון דער וועלט פֿאַרגייט אַביסל דאָס געוויין און פֿאַרבייט זיך אין אַ ביטערלעכן קהלת-שמייכל. דער הומאָר שאַפט דעם מיטלפּונקט וואו די עקסטרעמען באַגעגענען זיך.

קריטיקער[24] וואָס האָבן כאַראַקטעריזירט שלום-עליכמען און זיין ווערק, האָבן באַמערקט אַז דער געלעכטער איז אַ שליח פון מענטשלעכן גייסט (כאָטש אויף יידיש לייגט זיך אויס "געלעכטער" מיט די אייגענע אותיות ווי "גאטלעכער"), און ער איז אַ כסדרדיקער וועקער און דערמוטיקער. דער געלעכטער שטויסט אים אָפּ פון אָפּרו און דערפירט צו אומרו און ברויזט אויף שטורמיש אַלעמאָל ווען עס לויערט די סכנה פון אָפּרו אין מאַטעריעלער התמדה.

דער מענטש, וואָס יעקב פרידמאַן ברענגט אים צוריק צו זיינע בראשיתדיקע וואָרצלען און אידענטיפיצירט אים "אדם", איז אַ בשר וא-דם וואָס יסודו מעפר וסופו לעפר, דער באַשאַפער האָט אין אים איינגעהויכט ליידנשאַפטן, גלוסטן; און עס פאַרגלוסט זיך אים זיך אומצוקערן צום ליימענעם יסוד וואָס ער טראָגט אין זיך. עס באַשלאָגט דעם אדם די תאווה פון אייביקער רו און דער גייסט זיינער ווערט פאַרמינערט. קומט צו גיין דעמאָלט דאָס געלעכטער און היילט אויס דעם מענטשלעכן גייסט. דער גייסט האָט באַשאַפן די מאַטעריע, דאָס מגושמדיקע, אַזוי דרינגט די אידעאַליסטישע דיאַלעקטיק, - און די מאַטעריע איז פיינטלעך דעם גייסט ווייל זי רודפט אים און וויל אים פאַרטיליקן. אָבער גלייכצייטיק קאָן דאָך ניט דער גייסט אויסקומען אָן דער מאַטעריע, ווייל בלויז דורך זיין פאַרמיטלונג קאָן דער גייסט דערגרייכן די אייגענע אַנטפלעקונג.

האָט געזען דער גייסט אַז זיין קיום נגלה איז אָפּהענגיק אין מענטשן, ווייל אָן דעם מענטש האָט ער נישט קיין פאָרשטייער בהאי עלמא, און אַז דער אדם גלוסט צו דעם אָפּרו אין מאַטעריעלער געמיטלעכקייט, - האָט ער אין אים איינגעפלאַנצט דעם יסוד פון געלעכטער און שמייכל. איז דאָס געלעכטער געוואָרן אַ פונקציע פון מענטשלעכן גייסט וואָס ראַטעוועט אים אַלע מאָל ווען עס לויערט די סכנה אַז ער שטרעבט צום אָפּגרונט. די אייגנשאַפט פון געלעכטער מאַכט דעם מענטשן גייסטיק-ווערטיקאַל דעמאָלט ווען עס גלוסט זיך אים זיך אַוועקלייגן אויף אַלע פיר. דער גייסט דערמונטערט אים און ברויזט אים אויף ווען די שפּאַנונג פון אויפברויז ווערט מילד און שוואַך און דערנענטערט זיך צו דממה.

האָט די מאַטעריע געשאַפֿן דעם גייסט, - אַזוי דרינגט די מאַטעריאַליסטישע דיאַלעקטיק. פֿאַר אירע פֿאַרבאָרגענע, פֿאַרנעפּלטדיקע און סודותדיקע צוועקן האָט זי אים באַשאַפֿן. אין דער אומגעהייערער דימענסיע פֿון צייט האָט די מאַטעריע אויסגעווירקט, און די נאַטור האָט מיטגעווירקט, ביז זי האָט געשאַפֿן אין נזר הבריאה דעם גייסט. האָט זיך די מאַטעריע אַנטוישט. די מגושמדיקע נאַטור האָט אָנערקענט אַז דאָס סאַמע בעסטע און דאָס סאַמע שענסטע פֿון איר באַשאַף: דער גייסט, קומט צום אויסדרוק און איז זיך נתגלה בלויז אין מענטשן, אין אדם, - און דער אדם איז אויך קוים, קוים מקיים אין זיך דעם גייסט און דאָס גייסטיקע, ווייל דער רוב פֿון דעם גייסט-טרעגער איז דאָך דער בשר ודם וליים, - האָט מען געשענקט דעם מענטשלעכן גייסט דאָס געלעכטער, כּדי ער זאָל אים געטריי אָפּהיטן, ער זאָל אים נישט לאָזן צוריק קריכן אויף אַלע פֿיר, צושפּאַרן די נאָז-לעכער צו דער ערד כּדי זיך אָריענטירן ווי חיות און בהמות, נייערט ער זאָל זיין ווערטיקאַל, זיין קאָפּ הויך, דער מח זאָל דערגרייכן די שמי-שמים פֿון געדאַנק און פֿאַרנעם און באַפֿרייען דערמיט די פֿינגער, זיי זאָלן קאָנען שאַפֿן קלאַנגען פֿון מוזיק און פּאָעזיע און קונסט פֿון יעדן סאָרט.

די דראַמע אין איר קלאַסישן פֿאַרנעם, איז נישט צוגעפּאַסט דעם ייִדישן גייסט. די זיילן פֿון דעם זשאַנער דראַמע שטאַמען פֿון געצן-דינעריי, - און נישט נאָר וואָס זיינען אָפּגעשטויסן געוואָרן פֿון ייִדישקייט כּל זמן זיי האָבן געוואָלט, דורך הינטער-טירלעך אַריין, - נאָר זיי זענען מלכתחילה ניט אויפֿגענומען געוואָרן. דער ייִדישער גייסט גייט אויף אַן אייגענעם ייִחודיקן וועג און דער ייִדישער וועג איז נישט כּכל-הגוימדיק.

מיר האָבן אין פּרצעס עסיי "וואָס פֿעלט אונדזער ליטעראַטור ?"[25] אַ ספּעציעלן אינטערעס הן מצד וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן במפֿורש, והן מצד וואָס עס איז נישט דערזאָגט געוואָרן אָדער געזאָגט ברמז, און דאָס פֿאַרבאָרגענע פֿאָדערט אַ דערלויכטונג און דערגאַנצונג.

צו פּרצעס דראַמאַטישער שאַפֿונג האָבן די פֿאָרשער און קריטיקער אי פֿאַרשיידענע צוגענג אי אַנטקעגנגעזעצטע אויספֿירן. דער קאָנפֿליקט, וואָס פֿעלט ווי אַמאָל אין דער דראַמע איז דאָ בשפֿע אין דער קריטיק. שמואל ניגער[26] אין זיין כּוללדיק ווערק וועגן פּרצעס שאַפֿונג, פֿון אַ פֿאַרנעם פֿון אַ 560 זייטן, ווידמעט בלויז 20 זייטן, און דאָס אויך נישט אינגאַנצן דער דראַמאַטישער שאַפֿונג, נייערט: "פּרצעס ראָלע אין דער וועלט פֿון דראַמע

און טעאַטער". ניגערס אַריינפיר אַז:

"אין זיינע פּאָעטישע, דערציילערישע, דערציילעריש-עסייאיסטישע און עסייאיסטישע ווערק, איז פּרץ געווען, גלייב איך, שעפערישער, ווי אין זיינע דראַמעס, - ווי ווייט זיי זענען דראַמעס און ניט קיין דראַמאַטיש-לירישע פּאָעמעס. אין זיינע לידער, דערציילונגען, און דערציילערישע עסייען איז ער מער מייסטער ווי אין די טעאַטער-שטיק וואָס האָבן מער ווי איין אַקט", - איז אויך ניגערס אויספיר.

פונקט פאַרקערט איז די הנחה אין דעם אַריינפיר, - און אויספיר, פון אַן אַנדערן פאָרשער[27] וואָס איז גורס "אַז **ביי נאַכט אויפן אַלטן מאַרק** איז פּרצעס לעצטער חשבון-הנפש, אַז די דראַמע דאַרף באַטראַכט ווערן ווי איינע פון זיינע העכסטע קינסטלערישע דערגרייכונגען, און אַז זי איז אַ שליסל צו זיין גאַנצער ליטעראַרישער ירושה".

עס וואָלט געווען וואונטשנסווערט אַז דער אויספיר זאָל אויסדערוויילן איינעם פון די אינטערפּרעטאַציע-שטייגערס און זאָל אָפּלערנען אַ גזרה שווה פון דעם איינצלנעם, איינמאָליקן קינסטלערישן פענאָמען, - אויך פון אַ סינאָפּטישן בליק אין דער ראָם פון דער אַלגעמיינער שאַפונג.[28]

די פּאָעטיק וואָס פּרץ האָט פאָרמולירט און געפאָדערט אין זיין "וואָס פעלט אונדזער ליטעראַטור?" ווערט מקוים אין זיין ווערק, אין דעם אַלגעמיינעם פאַרנעם, מיט די מאָטיוון וואָס זענען דער טרייב-שטאָף פון זיינע ווערק, - און אפשר אויף אַ פּאַראַדאָקסאַלן אופן, דערמיט וואָס עס פעלט פּרצעס ליטעראַרישער שאַפונג. פּרצעס ליטעראַרישער שאַפונג פעלט דראַמע. כמעט אַלץ וואָס האָט אַ קינסטלערישן ווערט אין "ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק", "אין פּאָליש אויף דער קייט" און "די גאָלדענע קייט" איז מער לירישע פּאָעזיע ווי דראַמע. כמעט אַלץ וואָס פּרץ האָט געשריבן אין דראַמאַטישער פאָרעם שטאַמט ניט פון דעם דראַמאַטיקער פּרצן נאָר פון פּרצן דעם פּאָעט.[29]

פּרצעס פאַרלאַנג פון די שאַפער און טרעגער פון אונדזער ליטעראַטור, ווי: שכינה, טראַדיציע, דאָס אייגענע פייער, דער הויכער פּונקט, די דינאַמיק, דער חשבון הנפש, התבודדות, דאָס כסדרדיקע גיין צום מענטש אויפן יידישן וועג, אַלע די פאָדערונגען וואָס מאַכן אַ גענויע דיסטינקציע צווישן סיני און אָלימפּוס, יהדות און געצנדינערײַ, זענען עלעמענטן וואָס געפינען זיך אין "נפילים". וואָס עס פעלט אונדזער ליטעראַטור, אָדער גענויער געזאָגט,

דער שוואַכסטער און מינדסטער זשאַנער אין אונדזער בעלעטריסטיק, די דראַמע, דאָס פעלט פּרצן און דאָס פעלט יעקב פרידמאַנען. "נפילים" איז אַ פּאָעמע געשריבן אין דער פאָרעם פון דראַמע, אין זעקס חלקים אָנגערופן בילדער, אויף דעם אָפּגרונט פון אַ דעקאָר און מיט געשטאַלטן וואָס פירן דיאַלאָגן. מיר וועלן נאָך צוריקקומען צו "נפילים" און בעסער אריינדרינגען אין דעם ווערק אויב מיר וועלן תּחילת אַנאַליזירן די עלעמענטן פון דראַמע, וואָס דער ייִדישער גייסט האָט אָפּגעוואָרפן, און ווי אַ פּועל-יוצא דערפון האָט די ייִדישע ליטעראַטור אויסגעווייכט. הייִדנטום (=אלילות) איז אין טיפן תּוך און שורש די פאַרגעטערונג פון נאַטירלעכע זעאונגען. דאָס הייִדנטום שטעלט פאַר דאָס געטלעכע ווי כּוחות אָדער אימפּערסאָניפיקאַציעס וואָס זענען אַ חלק פון די נאַטור-זעאונגען אָדער אָפּגעזונדערטע אימפּער-סאָניפיקאַציעס און פאַרבונדן מיט זיי אויף דעם אָדער אויף אַן אַנדערן אופן.[30] אויף דער באַזע פון דער נאַטור-פאַרגעטערונג איז אויסגעוואַקסן און זיך געפורעמט דער מיטאָס מיט זיינע פאַרשיידענע פאָרמעס. דאָס הייִדנטום, אין איר פאָלקס-פאָרעם, האָט פאָרגעשטעלט די גאָטהייט אין דער געשטאַלט פון גייסטער און פּערזענלעכע געטער וואָס האָבן פאַרבינדונגען, זיי צווישן זיך און צום מענטשן. די דאָזיקע געטער זענען די העלדן פון די פאָלקס-לעגענדעס, זיי האָבן די דיכטער געמאָלן אין משלים, זיי האָט מען געווידמעט ליב-געזאַנגען, פאַר זיי האָט מען געטאַנצט און פאַר זייער כּבוד וועגן האָט מען מקריב געווען קרבּנות. די געטער דערשיינען אין דער לעגענדע און אין דער ליטעראַטור פון געצנדינערישן ריטואַל, - די טראַגעדיע און קאָמעדיע איינגעשלאָסן אין דעם ווי אַזעלכע, - און זיי טראָגן אַ פּערזענלעכן מיטאָלאָגישן כאַראַקטער און זענען באַקאַנט געוואָרן אַ סך ווייטער פון זייער ענגן געאָגראַפישן תּחום. ייִדן, פון דער צווייטער זייט, פאַרמאָגן ניט קיין מיטאָס. דאָס נישט פאַרמאָגן אַ מיטאָס איז נאָך אַ גרעסער פאַרמעגן.

די הויפּט-אידעע פון דער ייִדישער אמונה איז די אַבסאָלוטע אַנט-קעגנגעזעצטקייט פון דער גרונט-פּאַגאַנישער אידעע. דער געצנדינערישער ריטואַל איז נישט די אַנטפּלעקונג פון דעם פרייען אייבערשטן ווילן פון דער גאָטהייט און זיין תּכלית איז נישט אויסדריקן דורך סימבאָלישע פאָרמען דאָס אונטערגעבן זיך פון מענטשן צו גאָט, נייערט אַ גאַנצע שיטה פון באַציאונגען וואָס טראָגן אין זיך אַ באַהאַלטענעם כּח און וואָס שטאַמען פון דער זעלבער איבער-געטלעכער הויה און מקור פון וועלכן די גאָטהייט אַליין

שטאַמט און איז אַ חלק פון איר און אונטערגעוואָרפן אירע געזעצן, און איר תּכלית איז דער אויספלוס פון גוטס אָדער שלעכטס דורך דער פאַרמיטלונג פון יענעם כּח.

דער געצנדינערישער קולט און ריטואַל באַזירן זיך נישט אויף דעם ווילן פון דער גאָטהייט נאָר אויף דעם אָנערקענען די פאַרבאָרגענע אייגנשאַפטן פון דער עקזיסטענץ, פון דער הויה. דער געצנדינערישער קולט צילט אַקטיוויזירן מאַגישע כּחות וואָס געפינען זיך אין פאַרשיידנאַרטיקער מאַטעריע: אין פלייש פון קרבן, אין בלוט, אין רויך פון ווייִרעך, אין אייל, פייער, שטיין וכדומה; אין פאַרשיידנאַרטיקע טאַטן: האַנט-זשעסטיקולאַציע, טאַנץ, פּראָצעסיע, נגון, שפּרוך, געבעט, דראַמאַטישער אויפפיר וכדומה; אין פאַרשיידנאַרטיקע פאָרמען: נעמען, צייטן, פּלאַץ-פאָרמאַטן, פאַרבן, געשטאַלטן און מאָלערייען, סימבאָלן (ווי דער מצרישער לעבנס-סימבאָל, דער סימבאָל פון מענלעכן געשלעכט) וכדומה. די אַקטיוויטעט קאָן דורכגעפירט ווערן פון די באַהאַוונטע אין די סודות פון דער הויה. דער תּמצית פון דער ייִדישער אמונה איז אַז עס איז נישטאָ קיין איבער-געטלעכע הויה און נישט קיין איבער-געטלעכער געזעץ און נישט קיין איבער-געטלעכער גורל.[31]

דער פאַרנעם פון דער שכינה איז אָין סוף. דעם אייבערשטנס רשות האָט נישט קיין מיטאָלאָגישע באַגרענעצונג, - דער באַגריף פון אלקי ישראל איז נישט מיטיש. אין דעם הויפּט-געדאַנק קומט צום אויסדרוק דער אייגנאַרטיקער כאַראַקטער פון דער ייִדישער אמונה. די טעאָגאָניע געהערט דעם אָלימפּוס ווי אַ סימבאָל פון היידנטום און געצנדינעריי, און איז פרעמד דעם גייסט פון סיני. אין דער תּורה, נביאים און כּתובים זענען כּלל נישטאָ אַלע אויסגעשפּראָכענע מאָטיוון פון דעם געצנדינערישן מיטאָס. דער תּנ"ך דערציילט נישט וועגן דורות געטער, הערשאַפט וואָס גייט איבער פון איין דינאַסטיע געטער צו אַן אַנדערער, מלחמות צווישן געטער, אַלע די עלעמענטן וואָס נערן די קלאַסישע דראַמע.

לויט דעם מאָנאָטעאיסטישן באַנעם, איז נישטאָ אין דעם אייבערשטנס רשות נישט קיין טויט און נישט קיין אויפלעב, (אַזוי ווי אַ שטייגער ביי תּמוז, דעמעטער און דיאָניסאָס), ער האָט נישט קיין מענטשלעכע ליידנשאַפטן, און דערמיט פאַרציכטן מיר אויף אַן אַנדערן וויכטיקן מאָטיוו פון דער קלאַסישער דראַמע. לויט דעם ייִדישן באַנעם איז דער כּביכול נישט אָפּהענגיק אין מאַטעריע. דער געצנדינערישער ריטואַל, און דער טעאַטער און דראַמע

בתּוכו, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט ווי אַן אַטריבוט פון דעם ריטואַל, איז איינגעוואָרצלט נישט אין ווילן פון די געטער נאָר אין זייער לעבן און אין זייער גורל, זייער געבורט, זייער אַנטוויקלונג און וואוקס, זייער געזעלשאַפטלעכע באַהעפטונג, זייער פערטיליטעט, זייער שפּייז, זייערע מלחמות, זייער טויט און זייער אויפלעב. דאָס איז דער מיטאָלאָגישער חותם וואָס דער געצנדינערישער קולט טראָגט. די נויט וואָס קומט פון דער עצם זינד, אַזוי ווי די נקמה פון די איריניעס[32] פון מערדער איז אַן אייביק געזעץ לויטן מיטישן פאַרנעם.

לויט דעם זעלבן מיטישן פאַרנעם זענען די געטער מכשיל דעם אדם כּדי עס זאָל אויסקומען אויף אים די קללה וואָס איז אויסגעקומען אויפן מענטשן מכּח די שלעכטע גייסטער און די זינד פון שלעכטע מכשפים. די זינד און די שטראָף זענען פאַרבונדן נאַטירלעך און די זינד און די אכזריותדיקע שטראָף זענען נישט מער ווי די גזרה פון אַ בלינדן גורל וואָס איז אַרויפגעצוואונגען אויפן מענטשן און אויף דער גאָטהייט. דאָס איז, ווי אַביישפּיל, דער הויפּט-מאָטיוו און טרייב-כּח אין עדיפּוס דער קעניג פון סאָפאָקלעס. נישט נאָר אין מענטשלעכן לעבן ראַנגלען זיך גוטס מיט שלעכטס, נייערט די געטער ווערן אויך נכשל אין חטא און נויטיקן זיך אין פאַרגיטיקונג (כּפּרה). די אידעע פון אַ גאָט אַ זינדיקער איז פאַרשפּרייט אין היידנטום און אין דער קלאַסישער דראַמע.

דעם ייִדישן פאַרנעם איז לחלוטין פרעמד אויך דער באַגריף פון טעאָמאַכיע, - מלחמות צווישן געטער. דער באַגריף פון השם שטרייט נישט אַליין קעגן שום געטלעכער אָדער אור-דעמאָנישער ענטיטעט. לויט דעם געצנדינערישן פאַרנעם, איז די גאָטהייט, געבוירן פון דער הויה, נאָר איין כּח צווישן געטלעכע כּחות און ער שטויסט זיך אָן אין אַנדערע, זעלבשטענדיקע, געטלעכע כּחות, וואָס שטאַמען אַזוי ווי ער, פון דעם זעלבן יחוס, און ער קעמפט מיט זיי, קומט זיי ביי, אָדער שליסט מיט זיי שלום. די געטער זענען "ברידער", קינדער פון איין מאַמען, זין און טעכטער פון דער אור-הויה. גוט און שלעכט זענען ברידער פון איין שורש און קעמפן צווישן זיך. די געטער ווערן געבוירן פון די אור-זוימען און זענען פאַרבונדן אין משפּחה פאַרבינדונגען.

די ייִדישע אמונה האָט מצמצם געווען די געטלעכע מאָס אין איין ווילן, איין העכסטער הערשער, נישט אָפּהענגיק אין אַ פריערדיקער הויה. דער ייִדישער באַגריף פון גאָטהייט שטאַמט נישט פון אַ פרעמדן מקור הויה, נאָר

פון אַן אייגענעם מקור און ס'איז נישטאָ אַנדערש, נישט עמעצער און נישט עפּעס, חוץ אים. גאָט, לויט דער תּפיסה, האָט נישט קיין הויה קדמונה, קיין אור-ענטיטעט, האָט נישט קיין מאַמע, האָט נישט קיין ברידער, געטלעכע אָדער דעמאָנישע; האָט נישט קיינעם וואָס איז מסוגל אים זיך אַנטקעגנשטעלן און לויערן, און אין אַ סכּנה שטעלן זיין שלטון יחיד. צוליב דעם באַגריף פון אַבסאָלוטער גאַנצקייט, האָבן די זערנעס פון דואַליזם נישט אָנגענומען אויפן באָדן פון דער מקרא און אין דער קולטור פון די מקרא-טרעגער אויך אַ סך שפּעטער.

דער ייִדישער באַנעם האָט אָפּגעוואָרפן,- אָדער בעסער געזאָגט, - גלייך נישט אָנגענומען דעם געדאַנק פון אַפּאָטעאָזיס, די מעגלעכקייט פון דערהייבן זיך צו אַ געטלעכער מדרגה. גאָט נייטיקט זיך נישט אין קרבנות און איז נישט אָפּהענגיק אין מענטשנס גוטן ווילן און גנאָד. דערפאַר, קאָן נישט אין דער ייִדישער אויפפאַסונג אַ מענטש שטרעבן גרינדן אַ פייגל-מלוכה, די פייגל וואָס זאָלן זיין אַ מחיצה צווישן באַשאַפער און באַשאַפענער, - וועלנדיק און האָבן גנאָד וועלן זיי דערלאָזן די רויכעס פון ווייערעך דערגרייען צו די געטער אָדער וועלן אויסהונגערן די געטער (Aristophanes ,Birds).

דער סיני-באַנעם האָט דערמעגלעכט אַ דראַמע פון אַן אַנדער סאָרט, אין דער עטישער דימענסיע: אין דער שפּאַנונג צווישן דעם ווילן פון בורא און צווישן דעם ווילן פון מענטשן, - דער מענטש וואָס איז אים געגעבן געוואָרן דער רשות ווידערצושפּעניקן און זינדיקן און אויסקלייבן דעם וועג. די דאָזיקע שפּאַנונג פון "ראה, נתתי לפניך היום..." קומט אָנשטאָט יענער מיטישער שפּאַנונג וואָס מיר האָבן וועגן איר געשמועסט פריער. די גאָטהייט אין באַנעם פון סיני איז פריי פון סיי וואָס פאַר אַ טראַנסצעדענטאַלן גזעזעץ. הוא ראשון והוא אחרון, - און אַזוי ווי ער איז נישט אָפּהענגיק נישט אין דער נאַטור פון זוימען, נישט אין דער נאַטור פון סיי וואָס פאַר אַ יסוד אָדער הויה קדומה, אַזוי איז ער פריי און נישט אָפּהענגיק נישט אין גורל פון געשלעכטלעכן אָפּטייל און נישט אין געשלעכטלעכער תּאווה, נישט אין די געזעצן פון אַנטוויקלונג און וואוקס, לעבן און טויט, פריה ורביה; און נישט אָפּהענגיק אין סיי וואָס פאַר אַ סאָרט גורל אָדער געזעץ וואָס האָט אַ שליטה איבער דער וועלט. דערפאַר האט זיך נישט געקאָנט שאַפן אין תּנ"ך אַן ענלעכער יסוד צו דעם וואָס האָט תּחילת דערפירט צום דיטיראַמבוס און פון אים צו אַזאַ מין יסוד וואָס באַווירקט, אַ שטייגער, די טראַגעדיע פון עדיפּוס אָדער

אַנטיגאָנאָ.

דער באַגריף "נפילים" איז אי אַ עכט-ייִדישער אי אַ געצנדינערישער. "נפילים", - דער באַגריף אין מערצאָל דערשיינט אין ווערק בלויז איין מאָל, אין נאָמען פון ווערק; אפשר אַן אָנצוהערעניש אַז די כּוונה איז נישט צו איינעם, בלויז דער וואָס ווערט אָנגערופן בפירוש "נפיל", נייערט אויך זיין "כּפיל", דעם נפילס אַלטער עגאָ, "יורד".

נפיל באַטייט דער אַראָפּגענידערטער פון די הייכן צו דער ערד, דער אַראָפּגעוואָרפענער. אַזוי האָט מען געגלויבט אין די אור-אַלטע צייטן, אַז די ריזן וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייער גרייס, גבורה און כּח זענען העלדן פון אַ הימלישן חייל וואָס האָבן געזינדיקט און דערפאַר געשטראָפט און אַראָפּגענידערט געוואָרן אויף דער אונטערשטער ערד. ווי עס ווערט דערציילט אין די גריכישע לעגענדעס, אוראַנוס, (דער הימל הערשער) און זיין מוטער געאַה וואָס איז געווען גלייכצייטיק זיין פרוי, האָבן געהאָט קינדער שרעקלעכע גבורים, טיטאַנען, קיקלאָפּן און העקאַטעס, וואָס זייער פאָטער האָט זיי געשטראָפט און אַראָפּגעוואָרפן אין טייך טאַרטאַראָס.

אויך אין אונדזערע מקורים ווערט דערציילט וועגן צוויי מלאכים, עוזה און עזאל, וואָס האָבן געגלוסט פרויען און האָבן זיך נישט אויפגעפירט ווי דער שטייגער פון מלאכים איז, האָט זיי דער אייבערשטער געשטראָפט און פאַרשיקט צווישן הימל און ערד.[33] אין דער תּורה ווערט דערציילט[34]: "די נפילים זענען געווען אויף דער ערד אין יענע טעג - און אויך דערנאָך - ווען די זין פון גאָט פלעגן קומען צו די טעכטער פון מענטשן און זיי פלעגן געבערן פון זיי; דאָס זענען די גבורים וואָס פון פאַרצייטן, מענער מיט אַ נאָמען".

דער באַגריף "בני האלהים", וואָס ווערט געבראַכט ווי אַ פּאַראַלעל צו נפילים און אין דעם זעלבן פּסוק, דאַרף דערקלערט ווערן. דעם אויסדרוק, האַלט איין תּנ"ך-פאָרשער,[35] האָבן די ייִדן איבערגענומען פון די כּנענים, וואָס האָבן אים באַנוצט מיטן באַטייט "געטער". ביי די כּנענים האָט מען גערופן די גאָטהייט מיטן פּרט-נאָמען "אל", ער איז דער פאָטער פון פּאַנטעאָן, די אַנדערע געטער זענען זיינע זין און אַזוי אַרום באַרעכטיקט צום טיטול "בן אל". אין די אוגאַריט-שריפטן באַטייט דער אויסדרוק "בן אל" אַלע געטער בכלל, אָדער די עדה אָדער אספה פון געטער.

אַזוי אויך אין אונדזערע מקורים[36]: "ידמה לה' בבני-אלים", איז די כּוונה אלים - געטער (יהואש זעצט איבער: מאַכטיקע), ווי עס באַווייזט דער

קאָרעספּאָנדענט[37]:" מי-כמכה באלים ה'".

דער יִדיש-רעליגיעזער וועלט-באַנעם וואָס אַנערקענט נישט קיין פּאַרמערונג, ווי שוין אָנגעוויזן, - סיידן איין גאָט, - קאָנצענטרירט אין דעם באַגריף פון **השם**. אַלע אַטריבוציעס וואָס די געצנדינערישע פעלקער האָבן צוגעשריבן די פאַרשיידענע געטער, ווי אַ שטייגער דאָס אָנפירן פון צבא השמים, חיילות פון הימלרייך און אַנדערע נאַטירלעכע דערשיינונגען; דער יִדישער וועלט- באַנעם פאַררעכנט די הנהגה צו גאָט, אויב דאָס פּאַסט דעם כבוד פון גאָט, אויב די טאַטן אָדער געשעענישן שטייען אים אָן און אויב זיי שטייען אים נישט אָן און עס פּאַסט נישט פאַר גאָט, ווערן די טאַטן און געשעענישן פאַררעכנט זיינע שליחים און מלאכים.

דערפאַר וואָס אין יִדישן באַנעם דינען די מלאכים אין די שטעלעס וואָס ביי די כנענים האָבן געדינט די געטער, האָט די ענדערונג גורם געווען אַן אַנדערע ענדערונג, אין דעם באַטייט פון די אויסדרוקן וואָס באַצייכענען די געטער און זייער עדה. דער אויסדרוק "בני אלים"[38] און די קאָרעספּאָנדענטן "בני (ה)אלהים"[39], "בני עליון"[40], און "עדת אל"[41] זענען געוואָרן אין תּנ"ך באַצייכענונגען פאַר דער פמליא של מעלה, די עדה מלאכים וואָס שטייען פאַר גאָט, גרייט אים צו דינען. אַזוי אַרום ווערט קלאָר אין איוב דער פּסוק[42] וואָס חזרט זיך איבער "ויבאו בני האלהים להתיצב על ה'" טייטש: דער טאָג ווען די זין פון גאָט זענען געקומען זיך שטעלן פאַר גאָט". דער פּסוק האָט אַ קאָרעספּאָנדענט[43]: "ברן-יחד כוכבי בקר ויריעו כל-בני אלהים". טייטש: ווען די מאָרגנשטערן האָבן אין איינעם געזונגען, און אַלע זין פון גאָט האָבן געשאַלט", עס ווערט קלאָר אַז די שטערן וואָס אין געצנדינערישן קולט זענען געווען געטער, זענען געוואָרן אין יִדישן מאָנאָטעאיסטישן קולט, גאָטס דינער, דער "צבא השמים"[44].

דער באַטייט פון אויסדרוק "בני האלהים" און "נפילים" האָט געשאַפן מחלוקתן צווישן פאָרשער.

דער עלטסטער פירוש איז: די מלאכים. אַזוי זענען גורס די ספרים חצונים (אַפּאָקריפאַ), אייניקע כתב-ידן פון דעם תּרגום שבעים און די לעגענדאַרישע ווערסיעס פון עטלעכע מדרשים.

חז"ל האָבן באַקעמפט און פּראָבירט כסדר אָפּשטויסן דעם לעגענדאַרישן שטאָף וואָס האָט אידענטיפיצירט די בני האלהים און נפילים מיט מלאכים. זיי האָבן אינטערפּרעטירט דעם אויסדרוק "בני האלהים" - בני הגדולים, די

זין פון דער שררה און די פּני פון דער געזעלשאַפט, "בני רברביה" ווי אין לשון פון די תּרגומים און "בני דייניא" ווי ר' שמעון בר יוחאי רופט זיי אין בראשית רבא. די "בנות האדם", די טעכטער פון מענטש, וואָס ווערן דערמאָנט אין דער פּרשה, צוזאַמען מיט די "בני האלהים" און "נפילים" זענען, לויט דער אינטערפּרעטאַציע, די טעכטער פון די נידעריקע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט. אַנדערע זענען גורס אַז די "בני האלהים" זענען צדיקים, די זין פון שת און די "בנות אדם" זענען קינס זינדיקע טעכטער; און אַ טייל האַלטן פּונקט פאַרקערט, אַז די "בני האלהים" זענען די זין פון קין. אין דער מאָדערנער תּקופה זענען צוגעקומען נאָך פּירושים און לויט דער מיינונג פון אַ טייל תּנ"ך-פאָרשער, לייגן די פּירושים זיך נישט אויפן שכל. (די פאָרשער האַלטן אַז די אור-אַלטע און פאַרנעפּלטע קולט-עלעמענטן דאַרפן זיך לייגן דווקא נאָר אויפן שכל). קומט מען סיי ווי צוריק צום אויסטייטש אַז די "בני האלהים" און "נפילים" זענען מלאכים, און עס קאָן זייער מעגלעך זיין אַז די כּוונה איז ניט צו די הויך-ראַנגיקע מלאכים, די מלאכי-עליון פון דער מזרח וואַנט, נאָר מינדערווערטיקע מלאכים, אַ קאַטעגאָריע פאַר זיך אין דער דעמאָנאָלאָגיע, אַזאַ מין סאָרט שדים צי מלאכי-חבלה.

איז דען פאַראַן איין ענדגילטיקער ענטפער צי דאַרף זיין די פּאָעזיע קלוג און שאַרף און זאָל טריפן צו די שרשים פון אמת, אָדער דאַרף די פּאָעזיע דערפילן דאָס וואָס פעלט דער מענטשלעכער גייסטיקער איבער-סטרוקטור, אָט דער מאַנגל וואָס מאַכט זי אַזוי רייך. פּאָעזיע דאַרף פרעגן אָבער איז נישט מחויב צו ענטפערן. די פראַגע גופא עפנט האָריזאָנטן, די פראַגע איז אַן אָנהייב. דער ענטפער פאַרמאַכט, שליסט, דער ענטפער איז אַ סוף. איין ענדגילטיקער ענטפער אויף דער פראַגע איז נישטאָ, על כּל פּנים נישט פון מיר וועט איר אים הערן, ווייל איך ווייס נישט. אויב "למד לשונך לאמר איני יודע"[45] איז גוט פאַרן תּנא קמא, איז דאָס גוט פאַר מיר אויך, ווייל דער "שמא תתבדה ותאחז" לויערט נאָך ביז היינט צו טאָג אין דער פּאָעזיע מער ווי אין דער הלכה, וואו דער יסוד פון ראַציאָנאַליזם האָט צו זאָגן אַ וואָרט.

אין דער פּאָעזיע, וואָס אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל אירער איז דער אָקסימאָראָן, די אַנטקעגנגעזעצטקייט איז קל וחומר קטנים לגדולים.

מלך, בעטלער, נאַר און חכם...
אַ רגע, און אָפּגעווישט צווישן אַלעמען דער גבול.[46]

מלך און בעטלער זענען אַנטקעגנגעזעצטע, נאָר און חכם אוודאי און אוודאי, און אין דער צווייטער שורה פון דער ציטירטער רעפּליקע, די גאַנצע גאַמע פון צווישן צוויי הפכים, אַנטקעגנגעזעצטע נייגונגען און שטראָמען: panta rhei - אַלץ שווימט אַוועק, אַלץ גייט אַוועק און דערווייטערט זיך, - כל הנחלים הולכים אל הים, איז קהלתעס באַמערקונג, אָבער ער האָט אַ המשך, אַן אויספיר: והים איננו מלא. און די אַנדערע נייגונג איז carpe diem, דער לאַטייניישער אויסדרוק פאַר דער נטיה וואָס דער נביא[47] טאַדלט: אכול ושתו כי מחר נמות.

איבער דער גאַנצער דראַמאַטישער פּאָעמע "נפילים" שוועבן ערפילים, טומאַנען פון אומקלאָרקייט, וואָס ווישן אָפּ "צווישן אַלעמען דעם גבול" און דערפאַר זענען אפשר די צוויי שורות די פּאַסיקסטע צו דינען פאַר אַ מאָטאָ (Motto).

און נישט נאָר אַ נעפּל פון אומקלאָרקייט שוועבט איבער דער פּאָעמע "נפילים", נאָר אויך אַן איוב-געמיט. דער איוב-געמיט ווערט מקויים אי מיט דער אָנוועזנהייט פון די בני האלהים אין איובס נאָענטער סביבה, אי אין אַ טעקסט קאָנפראָנטאַציע.

איוב פאַרשעלט דעם טאָג ווען ער איז געבוירן געוואָרן און די נאַכט ווען ער איז באַטראַכט געוואָרן.

די פּראָסאָדישע באַמערקונג אַז די מאָס פון פיר אַמפיבראַכן טיילט איין יעדן פסוק אין צוויי אָדער דריי שורות און מאַכט די שורות קלינגען אַזוי סאַקאַדירט, איז כמעט אַן איבעריקע, אַזוי קלאָר איז דאָס בילד און דער קלאַנג.

יאבד יום אולד בו/
והלילה אמר הרה גבר;
היום ההוא יהי חשך/
אל-ידרשהו אלוה ממעל/
ואל-תופע עליו נהרה;
יגאלהו חשך וצלמות/
תשכן-עליו עננה/
יבעתהו כמרירי יום.[48]

פון די ערשטע און עלטסטע אונדז-באַקאַנטע מאָטיוון אין דער

מיטאָלאָגישער ליטעראַטור איז די באַגעגעניש צווישן מענטש און סאַטיר אין דער טיף און פּינצטערניש פון וואַלד, און דער מענטש צווינגט דעם סאַטיר מיט כּוח ער זאָל אים אַנטפּלעקן וואָס איז דאָס בעסטע פאַרן מענטשן. דאָס הייסט דער מענטש פרעגט און דער סאַטיר, אַזאַ מין נפיל, דאַרף ענטפערן און שליסן און מאַכן אַ סוף, ווי שוין פריער באַמערקט. האָט דער סאַטיר תּחילת נישט געוואָלט אָבער ווען ער איז געווען אין דעם צושטאַנד פון דעם מלאך וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט יעקב אבינו, דאָס הייסט ווען ער האָט שוין קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט, האָט ער אויסגעזאָגט דעם מענטשן דעם אמת: דאָס בעסטע איז נישט געבוירן צו ווערן. האָט אים דער מענטש געפרעגט: און בדיעבד, אַז דאָס האָט שוין פּאַסירט? וואָס טוט מען דעמאָלט? האָט אים דער סאַטיר געענטפערט:

דאַרף מען פאַרריכטן דאָס וואָס איז נפגם געוואָרן.

לויט אונדזער ייִדישן פאַרנעם און אויף אונדזער ייִדיש לשון הייסט דאָס "אַ תּיקון געבן". אין וואָס באַשטייט דער תּיקון? די גמרא[49] דערציילט:

"ב' שנים ומחצה נחלקו ב"ש (בית שמאי) וב"ה (בית הילל) הללו אומרים נוח לו לאדם שלא נברא יותר משנברא והללו אומרים נוח לו לאדם שנברא יותר משלא נברא נמנו וגמרו נוח לו לאדם שלא נברא יותר משנברא עכשו שנברא יפשפש במעשיו ואמרו לה ימשמש במעשיו".

אין דער panta rhei-שער שטימונג פליסט דער גייסט פון אין-סוף צו אין-סוף, איין גאַנצקייט, איין האַרמאָנישער אויספלוס. אַזוי הייבט זיך אָן די פּאָעמע אין איר סאַמע בראשית, ווען די ערשטע דינסט, אין איר ערשטער רעפּליקע, ציט די אויפמערקזאַמקייט.

**ערשטע דינסט:**

זע, זהרה, די מלכּה פון טאָג אין אַ וואָלקן-שיף
שווימט צום ים, די שעה פון רו אין בלומען-בעכערס טריפט
ווי ווייַן שמאַראַגדענער...[50]

נאָר אין דעם כּסדרדיקן אויסגוס פון גייסט, אין דעם אין-סופיקן אויספלוס פון רוח, טרעפט זיך אַ פורעניות, אַן אומגעוואונטשענע תּקלה און דער אויספלוס פון גייסט ווערט געשטערט און דער אָפּשטעל איז חומר מיטן יש און קעגנוואַרט. דעמאָלט ווערן צוויי פאַלן פוןביידע זייטן חומר: פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט. אָבער די געגנוואַרט פון חומר, דער אָפּשטעל אָדער CARPE DIEM האָט אויך נישט קיין מאַטעריעלן קיום. אין דערזעלבער פּראַקציע פון צייט (וואָס איז געשאַפן געוואָרן ווי אַ רעזולטאַט פון אָפּשניט אין אויספלוס פון גייסט) פון דעם חלק וואָס איז געווען צוקונפט, האָט די מאַטעריע, דער יש, די פאַרגליווערונג פון אויספלוס, געשאַפן פאַרגאַנגענהייט.

ס'איז אַ מצב פון טעות, און וואָס שנעלער מען גייט אַרויס פון דעם מצב-טעות אַלץ בעסער.

**נפיל:**

ס'איז געכליפּ פון מורא פאַר דער ערד,
מורא פאַר שותּפות מיט חומר.
פון דיין פלייש שרייען דורות צו מיר: באַשאַף!
און סע ענטפערט אין מיר אַ וואַכעדיקער שומר:
נישט גענען, ווער קיין שותּף צום באַשאַף
פון בלוט און פלייש, אדם זיין - איז טעות,
ווער קיין שותּף נישט צום טעות.
- - - - - - - - - - - - - - - -
וויג מיך, שוועסטער, אָט אַזוי,
וויג, פאַרוויג מיך.
צו דער היים פון גאָלע בלוי
וויג צוריק מיך.
נישט קיין גוף פון פלייש און ביין -
אין-סופיקער זכרון...
**וויג צוריק מיך צו דער היים**
**פון פאַר געבאָרן.**[51]

* * *

ווער איז אייגנטלעך "נפיל", די פּאָעטישע געשטאַלט און נישט די מיטישע? ווער איז די פּערסאָנאַ וואָס די רייד אירע זענען סיי הויך-שטאַפּלדיקער געדאַנק, סיי נידער-טראַכטיקע פּחדנות קעגן יצר און יצירה? וועלכער "איך" שטעקט אין "נפיל" און אין וועמען ווערט מגולגל "נפיל"ס איך? ווער איז דער באַפּליגלטער, מיט דעם איוב געמיט, וואָס הייבט זיך אויף צו די הייכן פון שמי-שמים, מיט דעם געפיל פון שוואַכע, צעבראָכענע פליגל?

"אונטער מיינע פליגל? צי האָב איך דען נאָך פליגל? הענט און פיס און אברים האָב איך. וואָס זאָל איך טאָן מיט זיי? אָ, אַנטפּלעק דיין רצון מיר, באַשאַפער!"[52]

און ווער איז דער וואָס נעמט אויף זיין "אַלטער עגאָ" וואָס איז גלייכצייטיק זיין מורד במלכות, זיין קעגנער און אַרזורפּאַטאַר מיט אַזאַ וואַרעמקייט:

אָ, יורד! געבענטשט דיין קומען! די רעכטע שעה שטענדיק קלייבסטו אויס,
ווען מען דאַרף דיך, ביסטו דאָ.[53]
ווער איז ער?

ווי שוין דערקלערט, איין ענדגילטיקער ענטפער איז נישטאָ. ס'איז איך און דו און ער און זי, ס'איז מיר אַלע צוזאַמען און יעדער איינער באַזונדער, ס'איז דער אייגענער איך און דער דיקטערישער איך. ס'איז נפיל און יורד, די פאַרשטייער פון איינעם און דעם זעלבן, וואָס קאָנען נישט איינער מיטן אַנדערן און קאָנען נישט איינער אָן דעם אַנדערן. פאַרקערפּערונגען פון איינעם און דעם זעלבן באַגריף פון נידערפאַליקייט און געאָטראָפּיזם.

אחדות און פאַרמערונג זענען נישט נאָר פאַרצייכענונגען פאַר אַ פּראָטאָגאָניסט און אַנטאַגאָניסט אויף דעם מאַגנעטישן פעלד פון קאָנפליקט, ווי דער קאָנפליקט צווישן נפיל און יורד, צוויי וואָס זענען איינס אָדער איינסן פון פּילפּאַכיקייט, נאָר די פאַרטיפונג פון נישט זיין איינס און נישט צוויי גייט אָן אויך אין דעם מאַגנעטישן פעלד פון קאָנפליקט פון יחיד, פון יורד:

- - - - - - - - - - - - - און יורד לץ
איז אי דער פישער אי דאָס פישעלע אין נעץ[54]

נפיל און יורד זענען פּראָטאַגאָניסטן און אַנטאַגאָניסטן אין דער זעלבער דראַמאַטישער פּאָעמע. אין די ערשטע בילדער איז נפיל דער פּראָטאַגאָניסט און יורד דער אַנטאַגאָניסט. די ראָלן בייטן זיך צווישן זיי און אין לעצטן בילד, ווידער ווי אין אָנהייב, איז נפיל דער פּראָטאַגאָניסט און יורד דער אַנטאַגאָניסט.

אָבער, בשעת יורד איז דער פּראָטאַגאָניסט, איז נפיל אויך אַ פּראָטאַגאָניסט אין אַ פאַרבאָרגענער האַנדלונג, וואָס האַנדלט זיך אָפּ אין הינטערגרונד פון דער פאַבולאַ, פון די פאָרגעשטעלטע פּאַסירונגען, צווישן יורדס אוזורפּאַציע און נפילס צוריק ווערן מלך. אין דער פאַרבאָרגענער האַנדלונג, וואָס מיר ווערן געוואויר פון איר ערשט ביים סוף, איז דער פּראָטאַגאָניסט נפיל ווי פּראָמעטעאוס אין קייטן אָדער ווי שמשון ביי די פלשתים, מיט אויסגעשטאָכענע אויגן, געשמידט אין קופּערנע קייטן, דרייט די מילשטיינער: דער תּמצית פון נפילה.

נפיל און יורד זענען די קריגס-לייט וואָס אין דער פּערסאָנאַ פּאָעטיקאַ און אין יעדן איינעם פון אונדז און וואָס פירן דעם ביטערן און שווערן קאַמף פון דעם וואָס מיר זענען קעגן דעם וואָס מיר ווילן זיין, דער קאַמף צווישן חומר און גייסט.

נפיל, דער סימבאָל פון געפאַלנקייט, ווענדט זיך צו יורד, דער אַלטער-עגאָ פון סימבאָל פאַר דער זעלבער געפאַלנקייט, פאַר אַ טראָפּן חסד:

**נפיל**

אַז ס'דאַרף דער מלך אַ מלכּה-כּלה קלייבן.
נאָר איך... וואָס ווייס איך, ברודער מיינער, יורד...
(אין זיך)
אָ, האַר, אַזוי פיל שרעק אין מיר אין אָנגעזיכט פון נסיונות,
ביי יעדן טראָט אַזוי פיל אומזיכערקייט, געוואַקל.
(פּלוצעם)
אָ, יורד, ברודער מיינער, יורד!

**יורד**

וואָס פאַרלאַנגט דער מלך?

**נפיל**

אויב סע קען אַ יורד, דיין האַרץ אַ ווײַלע גנאַדיק זיין צו דיין ברודער
נפיל
טאָ בעט איך דיך, הער איין זיך אין זיין געבעט.

**יורד**

וואָרהאַפּטיק, פאַראַן אַ רגע אויך ווען יורדס האַרץ
גרייט איז צו דערהערן עמעצנס געבעט.
בעט, אפשר איז די רגע פון דערהאָרכן.

**נפיל**

צווישןביידן שטענדיק געווען ביסטו דער שטאַרקערער, אָ יורד,
אין פּלאָנטערנישן פון מעשים אַ פלינקער האָסט דעם וועג געפונען.
און חוץ דעם, עמעץ רעדט אין מיר: לאָז יורדן גיין און לייג דיין גורל
אין די הענט אין זיינע...
איך בעט דיך, יורד, זאָג נישט אָפּ מיר, גיי, ברודער, קלייב פאַר מיר די מלכּה-כּלה[55]

די שפּאַלטונג, דער קאָנפליקט אין דעם זעלבן דיכטערישן "איך" איז אַ בולטער און קלאָרער. די געפּאַלנקייט פון מלך נפיל באַשטייט אין דעם וואָס ער גייט נישט אַליין אויסקלייבן זיין באַשערטע מלכּה-כּלה, נאָר גיט איבער די שליחות דעם אַנדערן איך, וואָס האָט מער טייוולאָנישע צדדים אין זיך. דערמיט האָט מלך נפיל אָפּגעזיגלט זיין גורל.

קאָן דאָ, אָבער, געזיגלט ווערן דער גורל פון נאָר איין פּאַרשוין, אויב די צוויי זענען איינס?

דאָ, אין דעם צווייטן בילד, ווערט באַשטימט דער גורל פון דריי: פון זהרה, פון מלך נפיל און פון יורד.

וואָס איז דער הויפּט קאָמפּאָנענט און עיקר-סיבה פאַר דעם פאַרשיידענעם גורל פון אַלע דריי?

איידער מיר וועלן פּראָבירן צו ענטפערן אַ נישט ענדגילטיקן ענטפער, וועלן מיר נאָך צוגעבן אַז דער גורל פון די דריי אימפּערסאָניפיקאַציעס איז

וואָרהאַפּטיק אַ פֿאַרשיידענער און טראָץ דעם טראָגט ער אַ געמיינזאַמען שטריך. ס'איז אַ ביטערער גורל: זהרה צו דער תּליה, יורד אין פֿינצטערניש פֿון תּהום און נפֿיל דעם גורל פֿון צוריקקומען אַהיים, אָפּגעזונדערט פֿון זינד, איינער אַליין טראָגט די באַשערטקייט.

די באַזונדערקייט פֿון כאַראַקטער, פֿון מזג און הומאָר צווישן די דריי, איז בדיעבד גורם די באַזונדערקייט פֿון גורל. אין דער אויפֿפֿאַסונג פֿון גורל באַשטייט יעקב פֿרידמאַנס חילוק פֿון דער געצנדינערישער אויפֿפֿאַסונג, ווי מיר האָבן שוין פֿריער דערקלערט.

און נאָך איינס: די זינד פֿון אָפּזונדערן זיך פֿון זינד, איז נישט נאָר אַ פּאָעטישער אָקסימאָראָן נייערט אַ חשובער באַשטאַנדטייל אין יעקב פֿרידמאַנס פּאָעזיע, ווי עס קומט צום אויסדרוק אָדער דאָ, אין זעקסטן בילד פֿון "נפֿילים", אָדער אין אַ סך, אַ סך אַנדערע לירישע לידער, ווי אַ שטייגער אין ליד וואָס טראָגט דעם נאָמען פֿון דעם דאָ טראַקטירטן פּאָעטישן תּמצית: ביטול היש:

נאָר איידער
איך האָב דערהערט נאָך אַ מאָל
דעם ברום פֿון דעם מקובלס קופּערנער באָרד:
"יאַנקעלע בעל-גאווה" -
האָב איך זיך איינגעוויקלט
טיפֿער אין טלית
און, ווי אַ זון צו מנחה,
פֿאַרלאָשן געוואָרן
אין ביטול היש...[56]

פֿון די דריי, זהרה, יורד און נפֿיל, בלייבט איבער אין חומר בלויז מלך נפֿיל. דאָס איז אַן אַנדערער אַספּעקט פֿון דער געפֿאַלנקייט און אַ נייע אַנטפּלעקונג פֿון דיכטערישן איך: די מעגלעכקייט שטרעבן צו ביטול היש, צו ווערן דאָס וואָס פֿון פֿאַרן ווערן.

אָבער לצד דער געפֿאַלנקייט, ווערט ער דערהויבן פֿון דעם פֿאַרשוין וואָס איז נישט קיין פֿאַרשוין, נאָר "קול" און מיט דעם כּח פֿון געשאַפֿן זיין בצלמו ובדמותו, דערהייבט ער זיך אַליין כּדי צו טראָגן זיין באַשערטקייט.

מיר האָבן שוין פֿריער דערמאָנט (זע הערה 9) אַז דער תּמצית פֿון דער

ייִדישער אמונה איז, אַז ס'איז נישטאָ קיין איבער-געטלעכע הויה און נישט קיין איבער-געטלעכער געזעץ און נישט קיין איבער-געטלעכער גורל.

דאָס וואָס שייך גורל פון חומר, אַ פועל-יוצא פון דער פאַרקערפּערונג פון גייסט. די פאַרקערפּערונג פון גייסט, ווי מיר האָבן שוין געזען, איז אונטערגעוואָרפן נאָך אַן אַנדערן עלעמענט פון גשמיות - די צייט.

אין דעם גריכיש געצנדינערישן קולט, איז די סימבאָליזאַציע פון צייט אין דער געשטאַלט פון דער גאָטהייט כראָנאָס, וואָס פאַרצוקט די אייגענע קינדער, ווי אילוסטרירנדיק דעם געדאַנק אַז מיר אַלע, געבוירענע אין דער צייט, ווערן פאַרצוקט פון איר.

ווען דער באַוואוסטזיניקער מענטש האָט אָנגעהויבן פרעגן: ווער בין איך און פאַרוואָס בין איך דאָ[57] און דער וויסנשאַפטלער האָט אים געענטפערט אַז צוריק מיט זיבעציק מיליאָן יאָר איז ער געווען אַ קריכעדיק באַשעפעניש, גרויס ווי אַ מייזל און געגעסן פליגן, - און היינט פליט ער צו דער לבנה, האָט דער פרעגער פּראָטעסטירט און געזאָגט, ס'איז אַ באָבע-מעשה, איך בין דאָ און כ'וועל קוקן אין שפּיגל!

אוודאי, האָט אים געענטפערט דער וויסנשאַפטלער, אוודאי איז דאָס אַ באָבע-מעשה, אָבער אַזוי איז די וועלט און אַזוי איז דאָס לעבן, און טאַקע דערפאַר איז דאָס אמת. דאָס לעבן איז אַ כסדרדיקער אָפּפאָר און מיר זענען אַלע יתומים. דערפאַר דאַרפן מיר אויסגעפינען אונדזער אייגענעם וועג. דאָס לעבן איז נישט סטאַביל. אַלץ וואָס לעבט גליטשט זיך אַרויס דורך שפּאַלטן און שפּאַרונעס אין צייט און בייט זיך אין פאַרלויף. אַנדערע באַשעפענישן קאָנען נישט פרעגן. אַ פוקס איז אַ פוקס און אַ וואָלף איז אַ וואָלף, אפילו דאָס איז אַן אילוזיע, אַ פאַרבלענדעניש. אָבער דו מענטש האָסט געלערנט פרעגן שאלות. דערפאַר ביסטו אַ יתום. דו ביסט די איינציקע באַשעפעניש אין דער וועלט וואָס ווייסט וואָס איז געווען פאַר אים. "געווען" אַנטקעגן "איז" אָדער "זיין" איז אַ באַגריף פון צייט. דאָס צווייטע וואָרט אין צווייטן פסוק פון בראשית "היתה", איז שוין אַן אָנדייט אַז די קאָסמאָגאָניע, יעדע קאָסמאָגאָניע, איז אַ מיטישער אָנהאַלט אין צייט.

נפיל און יורד זענען קאָסמאָגאָנישע געשטאַלטן און אַזעלכע זענען די כאָפּטעס קאַרליקעס און נעפל-געשטאַלטן און ליכט-געשטאַלטן און אַזעלכע איז די גאַנצע האַנדלונג פון דער פּאָעמע: פאַרנעפּלט און פאַרכמאַרעט, געשאַפן אין אַ שעה פון דער צייט...

און דו... דו ביסט דאָך נאָר אַ כמאַרע,
פון וועלכער איך פּרווו קנעטן ערשט אַ מראה
אין אַ וויסטער, עלנטער שעה...[58]

דער רעזיגנאַציע געפיל וואָס באַפאַלט דעם דיכטער קאָן אינטערפּרעטירט ווערן, סיי ווי עסכאַטאָלאָגישע שטרעבונג צו גאולה, צו קץ הימים און תּחית המתים און סיי צו אַ טאָטאַלער פאַרניכטונג פון דעם גאַנצן יש, דאָס צוריקזינקען אין ליים, אַן אַבסאָלוטער היפוך פון creatio ex nihilo, ווערן דאָס וואָס פון פאַרן ווערן, ווען די אייביקייט איז נישט געווען איינגעטיילט אין די קליינע פּאָרציעס פון טאָג און נאַכט, פּאָרציעס פון צייטווייליקייט.

דער געמיינזאַמער שטריך פון דער נטיה, לויט איין אינטערפּרעטאַציע צי אַן אַנדערער, איז דער ווילן, דער גלוסט אַרויס פון דער באַגרענעצונג פון חומר, פון איצט, פון דאָ, און אַנשטאָט דעם, זיין איבעראַל און אין אַלע צייטן, גלייכצייטיק און גלייכאַרטיק. אַרויס פון חומר און אַרויס פון צייט, צוריק אַהיים וואו ס'איז מיר געווען גוט, צוריק צו איידער זיין. דערפאַר דאַרף דער אויספיר, אַז "די איינציקע עסכאַטאָלאָגיע וואָס פרידמאַנס פּאָעזיע קען איז דער טויט"[59] איבערגעקוקט ווערן. "איינציק" איז אַ געפערלעכער טערמין ווען מען קומט טוען אַזאַ סיי ווי געפערלעכע מלאכה ווי דעפינירן פּאָעזיע. פון די טיפענישן, - און פרידמאַנס רייפע פּאָעזיע ווי "נפילים" האָט אַזעלכע, - קאָן אַרויסקוקן מאָרגן עפּעס וואָס מיר האָבן נישט באַמערקט היינט, אונדזער אַן אייגן אַנדער פּנים. ווייל אין די תּהומות פון שירה באַגעגענען מיר זיך מיט זיך אַליין. דערפאַר, ווי אַ פּאַראַדאָקסאַלער ראַציאָנאַלער אויספיר צו דעם וואָס ראַציאָנאַליזם און לאָגיק זענען אירע גרעסטע שונאים און דער אָקסימאָראָן אַן אבן נזר, איז מעגלעך פאָרמולירן אַז די עסכאַטאָלאָגישע נטיה פון יעקב פרידמאַנס פּאָעזיע ווי אַ כּלל, און בפרט ווי זי קומט צום אויסדרוק אין "נפילים", איז די נטיה פון ווערן דאָס וואָס פון פאַרן ווערן, פאַר שמים וארץ, ווען רוח אלקים מרחפת: פאַר בראשיתדיק.

אונזער יעקב פרידמאַן איז נישט דער איינציקער פון דער גזע רביים וואָס זאָל האָבן, - ווי דאָס לצנישע ווערטל זאָגט - פאַרלאָזט רבנות און זיך גענומען צו יידישקייט. וועגן דעם ליעווער רבין ר' בערעלע און זיין אויסגליטשן זיך אין טשערנאָוויץ ביי ד"ר רייטמאַן און זיין כאָפּטע משכילים וועט אונדז נאָך

אויסקומען צו נעמען אַ וואָרט און באַהאַנדלען אַ פרשה פאַר זיך.

אַן אַנדערער פאָרשטייער פון דער גזע רביים, ר׳ ישראל ריזשינערס קינדער, וואָס האָט אַ מער דירעקטן שייכות צו דער ייִדישער ליטעראַטור איז מאָטעסל פרידמאַן. שלמה ביקל, אין זיין בוך עסייען "רומעניע", קאַפּיטל: די "עפּאָכע ליכט", קומט צום אויספיר אַז "די אינטערעסאַנטסטע פערזענלעכקייט אין דער "ליכט-גרופּע איז בלי ספק געווען דעם אַדזשודער רבינס זון און דעם באַרימטן רבי ר׳ איצעלע בוהושערס איניקל, אהרן מתתיהו (מאָטעסל) פרידמאַן, וואָס איז געשטאָרבן זומער 1917 אין עלטער פון 25 יאָר.

מאָטעסל פרידמאַן האָט מיטגעאַרבעט אין ליכט פון צווייטן העפט אָן. זיינע דריי הויפּט-פּסעוודאָנימען זענען געווען א.מ. חשמונאי, א.מ. תלמודי און פ.מ. אהרן. פרידמאַן איז געוואָרן די סענסאַציע פון ליכט אין אַ גרויס מאָס צוליב זיין יחוס און זיין ביאָגראַפיע און אַ היפּש ביסל אויך מחמת דעם תוכן און סטיל פון זיינע מאמרים.

עס איז געווען אַ סענסאַציע וואָס אַ רבינס אַ זון, וואָס דאַרף מאָרגן אַליין ווערן אַ רבי, איז גאָר געוואָרן אַ שרייבער און דערצו אין אַן עפּיקאָרסישער צייטשריפט. און נאָך מער סענסאַציע איז געווען וואָס דער אַדזשודער רבינ׳ס זון האָט אָפּגעטאָן דאָס זעלבע וואָס זיין עלטער-פעטער, דער ליעווער רבי ר׳ בער מיט אַן ערך אַ האַלבן יאָרהונדערט פאַר אים" - ווי שוין דערמאָנט. "יעקב באָטאָשאַנסקי איז מן-הסתם גערעכט ווען ער זאָגט אין זיין בוך "מאַמע יידיש" (בוענאָס-איירעס, 1949) אַז מאָטעסל פרידמאַן איז געווען אַ טיפערע פערזענלעכקייט ווי זיין עלטער-פעטער בער פרידמאַן, נאָר ער האָט פאַרמאָגט ווייניקער כּח פון יענעם. מאָטעסל פרידמאַן האָט נישט געהאַט דעם כּח זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם "הויף" און צו פראַווען משכּילישע שטיק ווי זיין עלטער-פעטער... אָבער ס׳איז כּמעט זיכער אַז די געשטאַלט פון דעם ליעווער רבין און זיין גייסטיקע שותפות מיט ד"ר רייטמאַנען האָט סטימולירט דעם פלימעניק. דער פלימעניק האָט אפילו - ווי עס דערציילט דער דיכטער יעקב גראָפּער, וואָס איז מיט אים געווען נאָענט - אָנגעשריבן אַ דראַמע וועגן זיין עלטער-פעטער, וואָס די משפּחה זאָל זי האָבן פאַרברענט נאָכן שרייבערס פריצייטיקן טויט. עס ווייזט אויס אַז יעקב גראָפּער און מאָטעסל פרידמאַן האָבן ביידע געהאַט אַ פאַרלאַנג צו אידעאַליזירן אי דעם ליעווער אי זיין משכּילישן באַשיצער ד"ר לעאָ רייטמאַן".

## ווער און וואָס איז יעקב פרידמאַנס "פּערסאָנאַ", איז געווען

אַ רייצנדע פראַגע פאַר דעם גרויסן רוב פון קריטיקער, פּובליציסטן און אָפּשאַצערס פון זיין פּאָעזיע; אויף אַזוי ווייט רייצנד אַז אַ בכבודיקע צאָל פון זיי האָט באַהאַנדלט דעם דיכטער מער ווי די דיכטונג, אפשר ווי אַן אומבאַוואוסטזיניקע קאָמפּענסאַציע פאַר אונטערדריקטע חסידישע געפילן, אַ וועלטלעכע און מאָדערנע סובלימאַציע צו כאַפּן שיריים פונעם רבינס טיש: אי אַ מצווה, אי אַ פאַרגעניגן און דערביי אַ שטיקל כבוד אויך.

די פראַגע פון דער "פּערסאָנאַ" איז אַ רייצנדיקע פון עטלעכע טעמים. קודם כל פון אַ ריין מענטשלעכן געפיל פון נייגעריקייט. ווער איז דעם רבינס קינד וואָס ווערט אַ וועלטלעכער יידישער דיכטער, וועלטלעך נישט נאָר מיטן פאַרנעם פון זיינע לידער, - ווייל די רעליגיאָזיטעט וואָס שפּרודלט אין זיינע לידער האָבן זיי, פון ערשטן אויגנבליק, נישט פאַרנומען, - נאָר וועלטלעך מיטן עצם פאַרנעמען זיך מיט שרייבן גראַמען, "שמידן לידער" לויט יעקב פרידמאַנס אויסדרוק אָדער לויט אהרן צייטלינס אַן אויסדרוק, - דיכטעווען, - עפּעס נישט פאַר קיין יידיש קינד, אי דאָס נאָך אַ רבינס אַ זון; און וועלטלעך אויך דערמיט וואָס ער האָט געהערט דער משפּחה יידישע שרייבער און די לידער זיינע זיינען אויפגענומען געוואָרן פון דער ליטעראַרישער "וועלט".

דעם מילניצער רבינס אַ זון (געבוירן 1910), דער פערטער דור נאָך ר' ישראל ריזשינער און דער זיבעטער נאָך דעם מעזעריטשער מגיד מצד דעם פאָטער און מצד דער מוטער - דער זעקסטער דור נאָך רב נחומל פון טשערנאָביל, האָט נישט ממשיך געווען די דינאַסטיע, האָט אויסגעטאָן די זיידענע קאַפּאָטע און זאָקן און זיך געקרוינט מיטן שטעכיקן שטריימל פון פּאָעזיע. אָנשטאָט זיין אַ ר' יעקב פרידמאַן דער פינפטער אין חסידות, איז ער געוואָרן יעקב פרידמאַן דער ערשטער אין פּאָעזיע. אַ שטיקל סענסאַציע וואָס פאַרכאַפּט אפילו קריטיקער, איז שוין דאָ אין דעם.

די זענען יעקב פרידמאַנס אבות, דאָס איז זיין יחוס צעטל. די איינגעבוירענע מידות וואָס זענען צו אים איבערגעגאַנגען און סיי די אייגנשאַפטן וואָס די סביבה, אַרויפגעצוואונגען מכוח זיין געבוירן ווערן ביי די אבות, האָבן אוודאי

משפיע געווען אויף זיין שאַפונג, בחינת הא בהא תליא. כדי אָבער צו דערגיין צום אַנדערן איך, צו דער Persona poetica, דאַרפן מיר זען ווער און ווי אַזוי זיינע אַנדערע אבות אבותיו זענען, די זיידעס, ווי אַ שטייגער "אונדזער זיידע יונה"[60] און "מיין זיידע זאַנזאַני"[61].ביידע לידער ענדיקן זיך מיט אַ שווערן געמיט, מיטן געפיל פון עלנט. דער "איך" בלייבט איבער עלנט, איינער אַליין, פאַרלאָזט. "אויף וועמען לאָזסטו אונדז, גרויסער מלך יונה?" - איז איין ווייגעשריי, און "אוי, ווי ס'איז אומעטיק צו דיין אייניקל, קלוגער זיידע זאַנזאַני!" - איז דער צווייטער ווייגעשריי. מערקווירדיק אַז ביידע לידער ענדיקן זיך מיטן סימבאָלישן נאָמען פון די אַדאָפּטירטע זיידעס.

אויף ביידע לידער שוועבט אַן אַטמאָספער פון כישוף, אַ פאַרצויבערטע וועלט וואָס איז מחוץ לדרך הטבע, אַ גוטער אָפּרו-פּלאַץ פאַר אַ פאַרוואָגלטער נשמה וואָס זוכט און נישטערט און וויל כסדר עפּעס אַנדערש פון יש, - אַ וועלט אַ געבויטע פון די געזאַמלטע ציגל פון פאָלקלאָר-עלעמענטן, אַ וועלט אין וועלכער די פאַנטאַזיע איז ווירקלעכקייט און די ווירקלעכקייט איז פאַנטאַסמאַגאָריש; אַן אמתער ליגן וואָס מיטן כּוח פון זיין אַנטקעגנגעזעצטקייט האָט אַ קיום אין דער פאַרכּישופטער וועלט פון יעקב פרידמאַנס פּאָעזיע.

לאָמיר פריער פאַר עפּעס אַנדערש זען ווער דער זאַנזאַני איז און דערגיין אַ טאָלק מיט דעם מלך פון גראַמען ביים קעניג אחשורוש. עס קאָן זייער מעגלעך זיין אַז זאַנזאַני איז אַ פּאָעטישע פאַרטאָפּלונג, אַ פּלעאָנאַזם פון זאַנ-זאַני.

זאַני (zanni), מערצאָל פאַר זאַנאַ, איז אַ דינער כאַראַקטער אין דער איטאַליענישער אימפּראָוויזאַציע-קאָמעדיע, באַקאַנט ווי Commedia dell' arte. זאַני איז אַ דינער פון לצים, בופאָנען, קלאָאונס און פּאַזן-מאַכערס. זיי פאַרמאָגן שכל-הישר, אינטעליגענץ, שטאָלץ, און ליבשאַפט פאַר פּראַקטישע וויצן און אינטריגע. דערפאַר זענען זיי אָפּטמאָל פאַרגעשטעלט געוואָרן ווי בייזע קריגער, פּחדנים, יעדן איינעם מקנא, צולהכעיסניקעס, נקמה-נעמער און פאַררעטער. אַ פאַרגעשלאָגענע עטימאָלאָגיע פאַר "זאַני" איז Giovanni, אַ פאַרשפּרייטער נאָמען אין בערגאַמאָ, לאָמבאַרדיאַ, פון וואַנען דער פאַרשוין "זאַני" שטאַמט. דער נאָמען "זאַני" דינט אי פאַר דעם פאַרשוין פון לצים-דינער אי פאַר דער אַלגעמיינער קאָמעדיאַ דעל אַרטע.

זאַניס קליידונג באַשטייט פון אַ הילצערנער אָדער לעדערנער האַלבע מאַסקע מיט צוגעקלעפּטע טשופּרינע און באָרד, אַ צעלאָזטע בלוזע און ברייטע

הויזן און אַ היטל מיט אַ ברייטן ראַנד, אָדער אַ הויכן קאָנוס-פאָרעם-היטל מיט אַ לאַנגער פעדער. אָפט איז זאַני געווען פאַרגאַרטלט מיט אַ הילצערנער שווערד. זאַני האָט אָנגעהויבן דעם שפּיל און גורם געווען קאָמישן אָנטרעף מיט דעם איבערחזרן קאָמישע אַקציעס, אַקטועלע וויצן און פּראַקטישע בורלעסק הלצות, גאַנץ אָפט געצילט קעגן די מיט זיך צופרידענע, די האָפערדיקע יחסנים.

די צוויי ביז פיר זאַני-געשטאַלטן וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין שפּיל, האָבן געטראָגן פאַרשיידענע נעמען. איינער פון זיי איז פאַרבליבן מיטן נאָמען "זאַני" און די אַנדערע פאַרטנערן זענען געווען סקאַפּין, סקאַראַמוש, פּעדראָלינאָ, אַרלעקין אָדער פּולצינעלאָ.

(Scapin, Scaramouche, Pedrolino, Harlequin, Pulcinella). די לעצטע האָט אַ יידישן שפּראַך-קאָרעספּאָנדענט, אַ פאַרקלענערונג קאָזע-פאָרעם פאַר "פּעלצל". אָפט האָט זיך געפירט דער שפּיל צווישן צוויי זאַני אין אַנטקעגנגעזעצטע ראָלן, איינער קלוג און אַ בריה אויף פאַרפּלאָנטערן סיטואַציעס און דער צווייטער, אַ פּלאַטשיקער שוטה. אָבער זאַנזאַני, וואָס די דיכטערישע פאַנטאַזיע פאַרפירט פון אייראָפּע אַזש ביז צום קייסערלעכן הויף פון פּערסיע און אסתּר המלכּה האָט אים אַנטפּלעקט אין געטאָ פון שושן הבירה, ווערט געפירט פון דער יידישער קייסערין צום פּאַלאַץ. באַרעכנט נאָר צו וואָס פאַר אַ דימענסיע קאָן דערגרייכן אַ שפּרונג אין דעם תּחום פון עד-דלא-ידע:

פון דער קאָמעדיאַ דעל אַרטע ביז צו די געשעענישן פון מגילת אסתּר, אַקציעס וועגן וועלכע מיר האָבן נישט קיין שום היסטאָרישע אָדער כראָנאָלאָגישע פּרטים.

זאַנזאַני, האָט אסתּר געזאָגט, זאַנזאַני, ליכטיקער מלך פון גראַם!
און זי האָט אים אַוועקגעפירט מיט איר גאָלדן געשפּאַן
צום פּאַלאַץ...און ווי נאָר דער מלך האָט מיין זיידן מיט דער לירע דערזען,
האָט ער אַראָפּגענידערט פון זיין טראָן און צו זאַנזאַנין געלאָזט זיך גיין,
וואָרעם ווי שמעקנדיקע יאַגדעס האָבן די גראַמען אויף מיין זיידנס ליפּן געבליט,

און ס'האָט אחשוורוש דערפילט דעם זיסן ריח און ער האָט געקושט
זיין ליד...
זינט דעמאָלט איז מיין זיידע, דער חכם זאַנזאַני,
געוואָרן דער קליגסטער, פלינקסטער הויפנאַר פון הודו ביז כוש.
זיינע גראַמען האָבן ווי שטערן געפינקלט איבער אחשוורושעס טיש
און ס'האָבן די הויפלייט זיינע גראַמען ווי פערל געקליבן,
און אויף איידלסטן פאַרמעט איטלעכס וואָרט זיינס פאַרשריבן".[62]

ווער איז דער פערסישער דיכטער וועלכן עס ווערט צוגערעכנט די מחברשאַפט פון אַ "מכירת יוסף-שפּיל" וואָס ווערט, על פי מסורה, געשפּילט ביי ייִדן עד היום צוזאַמען מיטן "אַקטאַ אסתר", דער "פּורים-שפּיל"? מערקווירדיק: דער "ליכטיקער מלך פון גראַם" איז כדמסתברא, דער פערסישער דיכטער פירדוסי, אַ געשטאַלט וואָס קאָן אימפּאָנירן אַ מאָדערנעם דיכטער זיך אידענטיפיצירן מיט אים.

פירדוסי איז דער פען-נאָמען פון דעם מחבר פון פערסישן עפּאָס, די פּאָעמע מלכים-בוך (Shan - nameh). דער רעאַלער נאָמען פון דער כמעט לעגענדאַרער פיגור איז: אַבו אַל-קאַסם מאַנסור. געבוירן אַרום 935 אין אַ דאָרף, נישט ווייט פון מעשעד, צפון-מזרח פערסיע. אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן זענען געשאַפן געוואָרן אַ צאָל לעגענדעס אַרום דעם דיכטערס נאָמען, אָבער מכוח רעאַלע פאַקטן פון זיין לעבן איז ווייניק וואָס באַקאַנט. עפּעס קאָן צוזאַמענגעשטעלט ווערן פון די פערזענלעכע דערמאָנונגען, פאַרשפּרייטע אין זיין פּאָעמע, און דער אַנדערער איינציקער קוואַל איז דער ראַפּאָרט געשריבן פון נעזאַמי-יע אַרוזי (Nezami-ye-'Aruzi), אַ דיכטער וואָס האָט געלעבט אין 12-טן יאָרהונדערט, האָט באַזוכט פירדוסיס קבר אין יאָר 1116 אָדער 1117 און האָט געזאַמלט די מינדלעכע טראַדיציעס וואָס זענען געווען פאַרשפּרייט אין זיין סביבה ווייניקער ווי הונדערט יאָר נאָך זיין טויט. לויט נעזאַמי איז פירדוסי געווען אַ גוט-באַזיצער (dehgan) און האָט געהאַט אַ גאַנץ היפּשע הכנסה פון די גיטער. ער האָט געהאַט אַן איין און איינציקע טאָכטער, און כדי זי צו באַזאָרגן מיט נדן, האָט ער, אין משך פון 35 יאָר געשריבן די פּאָעמע ספר מלכים (שאח-נאַמע), וואָס באַשטייט פון 60.000 טאָפּלטע געגראַמטע שורות אין דורכאויס-געהאַלטענעם ריטעם.

צוליב אינטריגעס צווישן די שיעים און סונים האָט דער קייסער מחמוד

פון גאַזנאַ באַוויליקט ניט 50.000 דירהאַמס לוין, ווי רעקאָמענדירט, נאָר בלויז 20.000 דירהאַמס. פאַרביטערט און אַנטוישט איז פירדוסי געגאַנגען אין באָד אַריין און אַרויסקומענדיק פון באָד האָט ער זיך געקויפט אַ טרונק ביר, פאָקאַ (foqa), און צעטיילט דאָס גאַנצע געלט צווישן ביר-פאַרקויפער און בעדער.

מורא האָבנדיק פאַר דעם קייסערס רעאַקציע איז ער אַנטלאָפן, אָנגעשריבן אַ שאַרפע סאַטירע קעגן קייסער, איינגעקערפּערט זי אין דער אויבן-דערמאָנטער פּאָעמע, און שפּעטער אַרויסגענומען. אויף דער עלטער האָט ער געלעבט אין מערב פּערסיע און אפשר אין באַגדאַד, אונטער דער פּראָטעקציע פון די בואידן (Buyds). דאָס איז די השערה פון די פאָרשער וואָס האָבן אים צוגעשריבן די מחברשאַפט פון יוסוף אַ-זאַליכאַ (Yusof o-Zalikha, אַן עפּישע פּאָעמע אויף דער טעמע יוסף און פּוטיפרס פרוי.

וועגן זיינע לעצטע לעבנס-יאָרן דערציילט נעזאַמי-יע אַרוזי, אַז ווען דער סולטאַן מחמוד איז צוריקגעקומען פון אַ מלחמה אין אינדיע, האָט אים איינער פון זיינע מיניסטאָרן דערמאָנט וועגן דער עוולה וואָס מען איז באַגאַנגען מיט פירדוסי. צוריקקומענדיק קיין גאַזנאַ האָט דער סולטאַן באַפוילן מען זאָל געבן פירדוסין די ווערט פון 60.000 דינאַרן אין אינדיגאָ און אים ברענגען צו פירן, אויף קעניגלעכע קעמלען אין דער הויפּטשטאָט. דער אינדיגאָ איז אָנגעקומען בשלום, אָבער ווען די קעמלען זענען אַריין דורך איין טויער, האָט מען אַרויסגעפירט דורך אַן אַנדערן טויער פירדוסי׳ס טויטן קערפּער. פאַנאַטישע פריידיקער האָבן נישט דערלאָזט אים באַגראָבן אין מוסולמענישן צווינטער, האָט מען אים מקבר געווען אין אַ גאָרטן, וואָס האָט געהערט דעם דיכטער, אויסער דער שטאָט. די טאָכטער זיינע האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם געלט-לוין. נעזאַמי פאַרצייכנט נישט קיין דאַטע, אָבער אָנגענומען איז ביי די פאָרשער פון פּערסישן עפּאָס אַז פירדוסי האָט געלעבט איבער 80 יאָר און איז געשטאָרבן אין יאָר 1020 אָדער 1026.

די עלעמענטן וואָס ווערן געניצט אין פירדוסיס ביאָגראַפיע זענען סיי פון דער ווירקלעכקייט און סיי פון דער פאַנטאַזיע, היסטאָרישע פאַקטן לצד אויסגעטראַכטע מעשיות. פון דעם זעלבן צוזאַמענמיש ווערן געשאַפן אין פרידמאַנס פּאָעזיע אייגענע עקזאָטישע פיגורן, ספק וואָר און ספק חלום. אַזוינער איז הערשעלע אָסטראָפּאָליער וואָס ״אונדזער זיידע יונה״ לאָזט אויס די נשמה אין זיינע הענט. עס איז שוין אַרויסגעזאָגט געוואָרן אַ סברא אַז

אַלע, אָדער כּמעט אַלע, פֿאָלקלאָר-עלעמענטן און סיטואַציעס וואָס געפֿינען זיך אין די לרוב מינדלעכע טראַדיציעס פֿון הערשעלע אָסטראָפּאָליער קאָנען פֿאַרגליכן ווערן צו די פֿון דזשאַנפֿראַנטשעסקאָ סטראַפּאַראָלאַ (Gianfrancesco Straparola) וואָס האָט געלעבט פֿון 1480 ביז 1557. ער איז דער פֿאַרפֿאַסער פֿון אַ געזעמל מעשיות Piacevoli notti, די אָנגענעמע נעכט וואָס זענען שוין אומגעגאַנגען אין אייראָפּע. דאָס געזעמל וואָס אַנטהאַלט 75 נאָוועלעס, אָדער קורצע דערציילונגען, האָט שפּעטער געדינט ווי אַ קוואַל פֿון מאַטעריאַל פֿאַר שעקספּיר, מאָליער און אַנדערע.

סטראַפּאַראָלאַס מעשיות, וואָס האָבן טיפֿע שרשים אין פֿאָלקסטימלעכע קוואַלן, זענען געוואָרן פֿאַרשפּרייט און באַקאַנט איבער גאַנץ אייראָפּע. סטראַפּאַראָלאַ האָט געניצט אַ דערציילערישע טעכניק, געבאָרגט פֿון באָקאַטשיאָס דעקאַמעראָן.

* * *

די זיידעס פֿרידמאַנס זענען געגאַרטע געשטאַלטן, און זייער סביבה איז די סביבה צו וועלכער דער דיכטער בענקט; די כאָפּטע פֿריילעכע יונגען וואָס "אונדזער זיידע יונה" פֿאַרבעט צו ביר און געזאַנג, זענען נישט ווייניקער אויסגעטראַכט ווי דער זיידע יונה.

אין זיי האָבן געפּאָלגט די פֿייגל און געזונגען.
האָט אונדזער זיידע צום ביר און געזאַנג
פֿאַרבעטן אַ כאָפּטע פֿריילעכע יונגען.
אוי דידל, לידל, דידל.
איינער איז געווען בערל מיטן פֿידל,
דער צווייטער שמערל מיטן באַס,
און די קלוגע, ווו׳ילע בראָדער זינגער
פֿלעגן טאַנצן פֿאַרן זיידן אַרום דעמבענעם פֿאַס:
אוי דאָליע, דאָליע, נאַשאַ דאָליע.
און פּלוצעם אין סאַמע גלאַוונע מיטן
זיך אַריינגעשניטן אויף אַ זילבערנעם שליטן
האָט ר׳ הערשעלע פֿון אָסטראָפּאָליע."[63]

מיר קענען אויך עטלעכע פון דער כאַפּטע פריילעכע יונגען, דאָס זענען די גוט-באַקאַנטע געשטאַלטן פון דעם פאָלקס-ליד:

ייִדל מיטן פידל
בערל מיטן באַס,
שפילט מיר אָפּ אַ לידל
אין מיטן דער גאַס.

אָדער, ווי געבראַרכט אין געזעמל[64] פון פאָלקסלידער, יאָקל מיטן פידל,/בערל מיטן באַס.

בערל בראָדער צי וועלוועלע זבאַרזשער, געשטאַלטן פון פאָלקס-זינגער און פאָלקס-דיכטער, וואָס וואָר און פאַנטאַזיע פאַרפלאָכטן זענען קאָמפּאָנענטן פון זייער בּיִאָגראַפיע, האָט שוין די דיכטערישע פאַנטאַזיע אַרויפגעזעצט אויף אַ פעסל וויין ביי שמעון מאַרק אין קרעטשמע אין יאַס, ענלעך דערצו ווי אַזוי יעקב פרידמאַן באַזעצט דעם זיידן יונה:

אונדזער זיידע יונה פלעגט זיצן אויף אַ פעסעלע ביר

אָבער
שניצן גילדענע פייגל פון פּראָסטן פּאַפּיר,
זיי גלעטן די פליגל און לערנען זינגען לידער[65]

און די פייגל פאָלגן און דערגרייכן אַזאַ הויכע מדרגה, אַז:

און זייער געזאַנג האָט דעם הילצערנעם באַלקן צעשפּאָלטן[66]

דאָס איז פרידמאַנס אייגענע פּאָעטישע מדרגה. אַזאַ טעמע ווי שניצן גילדענע פייגל פון פּראָסטן פּאַפּיר קאָן זיין אַ וואָר-בּיִאָגראַפישער עלעמענט און אַ בילד וואָס ליגט אין זכרון. ווייל ביים זיידן, אָדער ביים טאַטן, האָט ער דאָס געזען און געטאָן, בפרט ערב סוכּות כּדי צו באַצירן די סוכּה - אוודאי מער ווי אַ שניידער-געזעלן וואָס האָט אַזוי שיין געזונגען פון און פאַר דער גאָלדענער פּאַווע, אָבער זי נישט געשניצט פון פּאַפּיר.

ביי אַזעלכע דיכטערישע זיידעס איז נישט דאָס אייניקל געראָטן אין זיידן, נייערט דער זיידע, - על-פּי דרך-טבע-השיר, - ווערט געבוירן מיט די געוואונטשענע אייגנשאַפטן פון אייניקל. דער זיידע איז אַקוראַט דאָס אייניקל; נישט דאָס וואָס דאָס אייניקל יעקב פרידמאַן איז, נאָר דאָס וואָס ער וויל זיין. מיר האָבן שוין באַמערקט אַז נפיל און יורד זענען נישט צוויי גענויע "אַלטער עגאָס" נאָר דאָס וואָס מיר זענען און דאָס וואָס מיר ווילן זיין.

דער נאַראַטיווער שטאָף פון ליד "אונדזער זיידע יונה" פאַראייניקט זיך מיט די פּאַסיקע סטרוקטורעלע פאָדערונגען, אין דעם ריטעם וואָס בייט זיך לויט די דערציילטע געשעענישן, אין קלאַנגען-מוזיק פון גראַם און אַליטעראַציעס:

און פלוצעם, אין סאַמע גלאַוונעם מיטן
זיך אַריינגעשניטן אויף אַ זילבערנעם שליטן.[67]

אַלע געשטאַלטן וואָס אַרום אים העלפן מיט דעם זיידן יונה שטרעבן און גיין, פליסן און גאַרן צו נישט דאָ און נישט איצט, פון דער סטאַבילקייט פון גשמיות צו דער דערהויבנקייט פון רוחניות, דער קעניגרייך פון גייסט - פון וואָר צו חלום. עס טאַנצן און זינגען מיט די גילדענע פייגל פון פּראָסטן פּאַפּיר, בערל מיטן פידל און שמערל מיטן באַס, די דאָליע נאַשאַ דאָליע, וואָס איז אי אונדזער פון זיך אַרויפגעצוואונגענער גורל אי מערכה, אי ר' הערשעלע אָסטראָפּאָליער, אי די בראָדער זינגער, אי "סרולקע בעל-שם", - אַלע, דער גרויסער חיל פון נפיל. יורד האָט איין פאָרשטייער: די באָבע גליקל. זי, וואָס קומט אַריין אין מיטן דער סאַמע גלאַוונע שמחה מיטן וואַלגערהאָלץ, איז דער אָפּשטעל, אַ סימבאָל פאַר דער שטרעבונג צו דאָ און איצט, צו carpe diem, דער אָנשפּאַר אין חומר. אָבער דער דיכטערישער איך שטרעבט צו ווייטער, ווייטער.

העי, בעל-שם, טרייב די קאָטש ווייטער מיטן קלוגן וועג.
וווהין? נישט קיין חילוק. שפּילט, שפּילט איר פידעלעך,
היינט פאָרן מיר צום סמבטיון...[68]

און אפילו איבער די גרענעצן פון קיום, וועט דער חומר באַשטאַנד-טייל

פון דעם זעלבן יחיד זען איינס און דער גייסט באַשטאַנד-טייל פון דעם איינעם און דעם זעלבן יחיד זען עפּעס אַנדערש. דער חומר, מיטן אָנשפּאַר אין מאַטעריע, שטייט. די רוחניות שטרעבט, פליסט, פּאָרט. כעלעם, וואָס דערגרייכט ביי פרידמאַנען די מדרגה פון אַ קעניגרייך מיט אַ מלך בראש, איז אויך אַ פּאָלקלאָר-מאָטיוו, אַ צוזאַמענמיש פון פאַרשיידענע עלעמענטן, געבאָרגטע, באַאַרבעטע און אייגענע. די נאַראָנים-שטאָט אין די אַלטע צייטן איז געווען די גריכישע אַבדעראַ, אין דער מיטל-אַלטער שילדבורג אָדער פּאַרקירצט: שילדאַו, און אין די נייע צייטן כעלעם. אפשר אַ קלאַנגען-צוזאַמענגוס פון גולם פון איין זייט און חולם פון דער צווייטער.

און שטייען וועט כעלעם די שטאָט און זען מיט די קוקערס אירע
ווי יונה שיכּור ליגט פאַרהאַקט אין אָרון.
נאָר איך וועל זיי הערן ווי דעם טאָטער, וואָרעם אין קבר אפילו
וועט דער זיידע שפּאַנען די סוסים און ווייטער פאָרן.
ס'איז אַן אייביקע נסיעה...[69]

דער פאָרער אין דער אייביקער נסיעה איז דער דיכטערישער איך.

## דאָס ליד "יונתן"[70] הייבט זיך אָן מיט אַ פּאַראַבאַזיס, אַ

פּאָרויסטריט און דירעקטע ווענדונג: "וואו וווינט גאָט?".

אין דער עצם פראַגע איז שוין דאָ אָן אָנדייט אַז דער באַגריף פון געטלעכקייט ווערט רעדוצירט צו די מענטשלעכע דימענסיעס פון וווינען. פאַר דער געטלעכקייט האָבן די ייִדישע שפּראַכן דעם באַגריף פון "שכן"-רוען, און דערפון - די שכינה. די שכינה וווינט נישט, די שכינה רוט. דער שורש "גור" ווערט געניצט מיטן באַטייט: בא לגור[71] - געקומען איינער וווינען; עם לבן גרתי[72] - מיט לבנען האָב איך געוווינט; וגר זאב עם כבש[73] - און אַ וואָלף וועט הויזן מיט אַ שעפּס. וכדומה לדומה באַזונדערע באַגריפן פאַר דער שכינה און באַזונדערע פאַרן זינדיקן מענטשן און ווידער אַנדערע פאַר, להבדיל, חיות און בהמות.

דער העברעאישער איבערזעצער האָט גאַנץ גוט געוואוסט אַז די געטלעכע שכינה רוט, האָט ער משייך געווען דעם ווערב צום פּאַסיקן סובסטאַנטיוו: היכן שוכן אלהים?.[74] שפּראַכלעך איז דאָס מער קאָרעקט ווי דיכטעריש, ווי פרידמאַניש.

דאָס ליד "אין שליטן"[75] הייבט זיך אָן מיט אַ דעקלאַראַטיוון נוסח: "קינדווייז נאָך האָט כּביכול אַנטפּלעקט צו מיר מיט לייטזעליקייט..." דער איבערשטער האָט זיך נישט נאָר אַנטפּלעקט און דער דיכטער איז נישט נאָר זוכה געווען צו גילוי השכינה, נאָך מער, ער האָט אים אַנטפּלעקט די וועגן צום האַרץ פון ליים און שטיין. האַרץ און ליים-שטיין איז אַ דיכטערישער אָקסימאָראָן, אַזוי ווי אַ נישט ווייניקער אַנטקעגנגעזעצטקייט איז כּביכול און לייטזעליקייט. די מענטשלעכע מידה פון לייטזעליקייט ווערט דאָ משייך דעם כּביכול, ווייל די אויפפאַסונג איז אַ דיכטערישע און גאָט איז אַ חלק פון דיכטערישן איך.

פון איין אָקסימאָראָן צום אַנדערן: "צניעותדיקע גאווה"[76] לאָזט זיך אויס מיט אַ פּאַרגלייך-סטראָפע צו די געטער פון אַן אָפּטריניקן דור, וואָס פּראַווען דעם יום-טוב פון שיינקייט לשם שיינקייט...

נאָר גאָט, ברוך הוא, וואָס איז ענלעך צו זיי,
אין זיין גוואַלדאָוונער אַלייניקייט ענלעך צו זיי,
שיט איבער זיי ווייסע בלומען פון שניי,
ביז ס'ווערן שנייבלומען די גלידער
פון די ייִדישע לידער-שמידער..."

"דער לץ"[77] (פאַרגלייך דעם אָפּשטאַם פון זאַן-זאַני), וואָס פרעגט פון די יסודותדיקע שאלות אין ליטעראַטור-קריטיק, האָפּט אין דער צוקונפט:

היידל, דידל,
אָט!
און איך פאַרלאָז זיך מיר
אויף גאָט:
אַז די צייט
וועט קומען
וועט ער מיך
צו זיך
שוין נעמען,
און די וואַזשנע
זיבן הימלען
וועל איך צימבלען,
פאַר אים צימבלען,
און מיין גאָטעניו דערפרייען...

דאָס ליד "תּפילה פון אַ פאַסטעך"[78] הייבט זיך אָן און לאָזט זיך אויס מיט דער זעלבער סטראָפע:

זיי גוט צו מיר, גאָט,
כ'בעט נישט קיין סך:
איך וויל פילן דיין ליבשאַפט
רוט אויף מיין דאַך."

אַן אַנדערע ווענדונג צו גאָט איז דער אויסדרוק פון אַ ווייטיקדיקער נויט: "לאָמיר שלום מאַכן"[79]

לאָמיר שלום מאַכן, אַלטער יִידישער גאָט,
מיר קענען נישט לעבן איינער אָן דעם אַנדערן.
איך שטיי הונגעריק ביי די טויערן פון שטאָט,
און דו האָסט פולע שייערן מיטן יונגן ברויט און אַלטן גנאָד.
צו וואָס זשע זאָל איך ווייטער וואַנדערן?"

די צווייטע שורה פון דער ציטירטער ערשטע סטראָפע, חזרט זיך איבער אין דער לעצטער סטראָפע, באַטאָנענדיק אַז אין דער קעגנזייטיקער באַציאונג נויטיקן זיך זיי איינער אין אַנדערן און די נויט איז שווער צו דערטראָגן:

אוודאי איז דיר אומעטיק אַליין. און מיר איז פינצטער אָן דיר.
מיר קענען נישט לעבן איינער אָן דעם אַנדערן.
איך קוש דעם שטויב ביי דיין אַלטינקער טיר,
און טו אויס מיין רייטוואָגן פון פרעמדן געציר.
גענוג, כ'וועל ווייטער מער נישט וואַנדערן."[80]

און דער דיכטערישער "איך", מגולגל אין אַן אָרעמאַן, זינגט אין אָנהייב פון דריטן ליד[81] אַזוי צו זאָגן:

ס'איז אַלץ אזוי פשוט, האַר, פאַר מיר
אויף דיין וועלט דער ליבער.
מיר דוכט, כ'עפן אויף אַ טיר
און שפּאַן די שוועל אַריבער.

עס איז דער אויסדרוק פון בענקשאַפט צו עפּעס פאַרבאָרגנס, עפּעס וואָס אויסער זיך וואָס ליגט באַהאַלטן אין די טיפענישן פון דער סטרוקטור פון גייסטיקן איך, פון דיכטערישן איך; דער אויסדרוק פון פּחד טאָמער און אפשר, חלילה, ווערט געשעדיקט די גאַנצקייט פון דער געטלעכער סובסטאַנץ פון דיכטערישן איך. לאָמיר שלום מאַכן איז דער פּאָעטישער אויסדרוק פאַר לאָמיר

שלם זיין, גאַנץ און נישט פאַרמינערט אויף אַ האָר; עס איז דער אויסדרוק פון פּחד פאַר דער אייגענער אָפּשפּיגלונג און קיום און דאָס אויסטערלישע ווערט אַ חלק פון דער כּסדרדיקער רוטין[82]:

אויסטערליש, איז געמאָלט דען, אַז חוץ מיר האָט צו קיינעם דער
סוד נישט אַנטפּלעקט זיך? גאָט איז נישטאָ מער?
ווער האָט אָנגעצונדן אין מיין מח דעם דאָזיקן רעיון?
ווי ברענענדיקע סאָוועס נעמען אַלע אינגעווײדן מיינע שרייען:
וויי געשריגן, גאָט איז נישטאָ, גאָט דער באַשעפער?
- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -
ווי משוגענע אָדלערס אין פעלזן, די פליגלען צעבלעטערט,
שלאָגן מיינע מחשבות זיך אָן אין גאָטס שטייניקן גוף
און ווערן צעשמעטערט...
- גאָט, שריי איך, גאָט!
איך וויל נישט לעבן אַז דו ביסט נישטאָ!

אויף יעדן שריט און טריט אין יעקב פרידמאַנס פּאָעזיע דאָמינירט גאָט, ווי אַן אויסדרוק פון דעם פּיל-פּנימדיקן דיכטערישן איך. דאָס איז אוודאי נישט קיין טעאָלאָגישער גאָט; דער טעאָלאָגישער גאָט האָט באַשאַפן הימל און ערד און אַלץ וואָס אויף זיי און בתוכם דעם דיכטער און זיין פּאָעזיע. גאָט אין פרידמאַנס פּאָעזיע איז פון דיכטער אַ געשאַפענער, אַן אויספלוס פון דיכטערישן איך. אַ טעאָלאָגישער גאָט האָט פעסט-איינגעשטעלטע דאָגמעס. די קאָנסעקווענץ איז אַ הויפּט-פּרינציפּ. דער דיכטערישער גאָט, וואָס איז בלויז איין פּנים, כאָטש אַ דאָמינירנדיקער, פון דעם פּיל-פּנימדיקן דיכטערישן איך, קאָן איינמאָל זיין אַ פּאַרטנער צו אַ גרויליק ערנסטן שפּיל[83]:

ווילסט זיך שפּילן, גאָט,
טאָ קום זיך שפּילן,
נאָר ווייס: סע וועט נישט זיין
דראַמאַטיש ווי מיט איובן.
- - - - - - - - - - - - - - -
לאָז אַרויס מיך פון עם שפּיל, מיין גאָט,

לאָז מיך אין מיין ליימענעם וואָגן דורכפאָרן מיינע יאָרן,
לאָז מיך פאָרן און דערפאָרן..איך בין דיינער סיי ווי סיי
אי אויף דער ערד אי אין דעמבענעם אָרון...

דער פּאָעטישער געשפּרעך מיט גאָט דאָ ווערט אינטערפּרעטירט, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט אין פּרשת נפילים, אַז די עסכאַטאָלאָגישע נטיה איז פון ווערן דאָס פון איידער ווערן, פאַר נעשה אדם בצלמנו כדמותנו.

ווען דער דיכטערישער איך ווערט מגולגל אין דער געשטאַלט פון אַן אַנדערן זיידע זיינעם דאָס מאָל דער באַרדיטשעווער, ווענדט זיך איין פּן, דער מענטשלעכער צו דעם אַנדערן פּן פון איך, צום געטלעכן, אי מכוח דאָס צוריקקערן זיך צו פאַר בראשית און אי מיט דער בקשה צו אַנטפּלעקן ווער איז דער "איך"[84]:

באַשעפער מיינער,
ווי די פּרוכט פון די שאָלן אירע,
שייל אַרויס מיך פון די פינצטערנישן מאַכיקע,
און אַנטפּלעק פון אונטער אַלע הויטן
דעם קערן...דאָס בראשית-תוכיקע.

ווער בין איך, ווער,
און וואָס איז דער פּשט פון "אני",
די מחשבה וועגן פליִען,
צי טאַקע ממש דער פלי?
און אפשר ביידע?"
אַזוי האָט געטענהט דער באַרדיטשעווער זיידע.

די פאַרשיידנאַרטיקייט פון איין גאָט ביז צו דעם פאַרנעם פון דעם אַנדערן גאָט איז אַ בולטע, אין דער זעלבער מאָס ווי בולט: איז אַז דער דיכטערישער איך איז אַ פיל-פּאַכיקער, האָט איין פּנים דאָ און אַן אַנדער פּנים ערגעץ אַנדערש; אַז איין מאָל איז ער איך און אַן אַנדערש מאָל גאָט, און אַז אַלצדינג שפּראָצט פון איין שורש און גאַרט צוריק צו דעם זעלבן שורש: **איך**[85]

וווּ איז די היים?
מיר זענען אַליין דאָך די היים,
און דאָס לענגסטע און איינציקסטע גיין
איז פון זיך, צו זיך, אין זיך אַליין.

און ווער איז די מאַמע?
זי איז אונדזער דאָרשט און געוויין,
וואָס גאַרט אין זיך, צו זיך אַליין.
- - - - - - - - - - - - - - - - - -
און ס'איז קיינער נישט געווען,
איז נישט דאָ און וועט נישט זיין
חוץ "איך".

דער פּראָצעס פון שאַפונג אין דער פּלאַסטישער קונסט קאָן פאַרפירן. אין פלוג איז דאָס אַ שאַפונג וואָס טראָגט דעם כאַראַקטער-שטריך פון יש מאין. דער שטיין אָדער דאָס ליים אָדער האָלץ, איידער דער קינסטלער קומט צו צו זיי און קנעט און שניצט און שאַפט, - האָט ניט קיין שום קינסטלעריש ווערט. ערשט ביים קאָנטאַקט מיטן קינסטלערישן גייסט און דורך זיין פּעולה, באַקומט דער חומר זיינע קינסטלערישע ווערטן. פאַר דעם, זענען די ווערטן פון אַן אַנדערער דימענסיע: פיזישע ווערטן, כעמישע ווערטן. די מאַטעריע האָט פאַר דער באַגעגעניש מיטן קינסטלערישן גייסט, מאָס-שטאַבן פון אַן אַנדערן יש: כך וכך וואָג, כך וכך לענג און ברייט און טיף. דאָס זעלביקע אין מאָלעריי: איידער דער קינסטלער מאָלט מיט פאַרבן איפן לייוונט, האָט די לייוונט אירע פיזישע דימענסיעס און אַזוי אויך די פאַרבן אין די רערלעך האָבן זיך זייערע כעמישע ווערטן. אָבער, כל זמן דער קינסטלער האָט נישט פאַרמיטלט צווישן פאַרבן און לייוונט, האָבן זיי נישט קיין קינסטלערישן און גייסטיקן ווערט, און אין רוים פון דעם צמצום קאָן מען באַהויפּטן אַז ס'איז אַ מעשה יצירה יש מאין, ווי שוין באַמערקט, למראית עין.

אין תוך, אין עושים הויה מהעדר (עפ"י ספר היסודות פון יצחק הישראלי). עס איז דאָ אַ הויה, אַ יש, אַ וואָר. די דימענסיאָנעלע הויה דינט ווי אַ מעדיום פון וועלכן דער דיכטער שאַפט זיין פּאָעזיע, זיינע אויסגעטראַכטע אמתן, זיין "מיטב השיר כזבו".

נאָך איידער דער דיכטער קומט אָן צום וואָרט אָדער צום אידיאָמאַטישן אויסדרוק, האָבן זיי זייער אייגענעם גייסטיקן ווערט, אַן אָנגאָב וואָס זיי טראָגן שוין מיט זיך מקדמונים. אין דעם פּראָצעס פון שאַפונג וואָס איז אַ יש מיש, ראַנגלט זיך דער דיכטער מיט די שווועריקייטן פון מפקיע זיין, עקספּראָפּריאירן די ווערטער, דעם מעדיום פון שאַפונג, פון די ווערטן וואָס זיי האָבן מקדמונים און זיי איינהויכן נייע, אייגענע ווערטן, איבערמינצן די מטבעות הלשון. פּרצן האָט געדינט דער וואָר פון חסידות כדי צו שאַפן די פיקציע פון חסידיש. חסידות איז אין דעם פאַל אַ מעדיום פון דער ליטעראַרישער שאַפונג.

וואָס איז יענע היסטאָריש-דימענסיאָנעלע געשעעניש וואָס דינט ווי אַ מעדיום אין "סאַדעגערע"[86] ווי אַ שטייגער:

מ'שושקעט זיך...האַ?...
איי, חוץ לדרך - הטבע...
ווערטער פאַלן: ד"ר רייטמאַן... טשערנאָוויץ...
רבי בער פון ליעווע...
דער ווינט יאָגט די כמאַרעס.
די בחורים רוקן ענגער זיך צונויף:
ס'איז וואָר, אַז מ'ברענגט דעם ליעווער
היינט אין סאַדעגערער הויף?

דער עפּישער עלעמענט אין פּאָעזיע האָט אַן אָנשפּאַר אין אַן איבערלעבונג וואָס האָט משפּיע געווען אויפן דיכטער: משפיע געווען ביודעין אַזוי ווי אין איבערגעבן געניע נעמען ווי ד"ר רייטמאַנס נאָמען פון טשערנאָוויץ און

ז'וואָר, דער סאַדעגערער האָט באַפוילן
דעם ליעווער ברענגען ב'גוואַלד?

און משפיע געווען בלא יודעין, און די חויה פון דיכטער אין זיין פּאַר בראשיתדיקער סטאַדיע, פון הערן קינדווייז אין טאַטע-מאַמעס הויז, צי פון זיי און צי פון דעם שושקען זיך פון די חסידים, - און צי פון די כוואַליעס פון מחלוקת האָבן נאָך געברויזט שפּעטער מיט די צאַנזער חסידים, - דאָס אַלץ האָט זיך איינגעקריצט אין דיכטערס הוויה, ווי אַ שטייגער:

ער האָט פאַרצויגן די ליולקע:
- דיין טאַטע, דעם זיידנס בכור, - אַ חולה רוח,
און דיין פעטער יונהן וואַקסט אין בויך אַ שטיין...
אוי, סע העלפט נישט קיין גאָלד און נישט אפילו דער רבי פון שטעפענעשט...[87]

דאָס זענען אָפּקלאַנגען פון אַ וואָר אין דער וועלט פון אויסגעטראַכטער

רעאַליע, די וועלט פון פּאָעזיע. ומעשה שהיה כך היה.

לאַנגע יאָרן האָט די סאַדעגערער דינאַסטיע געלעבט באושר ובכבוד ובעשירות און די נאָרמעס וואָס האָבן געגילט צווישן זיך די ברידער, האָבן אויך געגילט לגבי זייער גרויסן עולם חסידים. יעדער איינער פון ר׳ ישראל ריזשינערס קינדער איז געזעסן אין אַן אַנדערער שטאָט און האָט געפירט זיין מלכות מיט כבוד און מאַיעסטעטישער ווירדע. [88]

אין געוויסע קרייזן און צווישן אַנדערע חסידים פון גאַליציע און בוקאָווינע האָט מען יאָ געהאַט עפּעס אַ שטיקל פאַראיבל אויף די סאַדעגערער, סיי אין דעם סדר עבודת ה׳ וואָס איז סודותדיק, איינגעהאַלטן, אָן דעם געפיל-אויסגוס פון התלהבות, און מיט קנאַפּע פּאַרטיפונג אין לערנען תורה. מען האָט אויך טענות געהאַט צו דעם אופן ווי זיי פירן די הויפן, מיט עשירות און לוקסוס וואָס רייסן אויף די אויגן, און מיט דער קליידונג פון מענער, און איבערהויפּט פון פרויען און מיידלעך, וואָס איז לויט דער לעצטער מאָדע. דאָס אַלץ אָבער איז געווען בסודי-סודות, אַ שטילער ברום, קיינער פון די גאַליציאַנער צדיקים האָט ניט געוואַגט אַרויסצוטרעטן קעגן דעם עפנטלעך. אָן אַנדערע צרה איז אויסגעקומען אויפן מלכות סאַדעגערע, נישט פון דרויסן נייערט פון אינוויייניק, אַ צרה וואָס האָט אָנגעטאָן אַ סך צער און האַרצווייטיק און אַ שווערן בזוין: איינער פון די ברידער, דער מער באַוואוסטער און וואָס האָט מער משפיע געווען ווי אַלע אַנדערע, רבי בער פון ליעווע, האָט זיך אויסגעגליטשט, הציץ ונפגע ר״ל.

בשעת יעדער איינער פון די ברידער, דעם ריזשינערס קינדער, האָבן געפּראַוועט חסידות און געלערנט זייערע חסידים גלייבן אין צדיק און אין דעם כּוח מיט וועלכן ער איז געבענטשט, איז פּאַרגעקומען, - כּדמסתברא, - אַ גרויס איבערקערעניש אין גייסט פון זייער ברודער דעם צדיק רבי בערעניו פון ליעווע. דער זעלבער צדיק וואָס האָט געזאָגט[89]: ״יוכל הש״י להאמין בצדיק שלא יתקלקל חלילה״, - ער אַליין איז נתקלקל געוואָרן און אַרויס צו ״תּרבות רעה״. וואָס גענוי האָט זיך אָפּגעטוען אין זיין גייסט, - איז שווער צו דערגיין אַ טאָלק.

מען זאָגט אַז ער האָט זיך געחברט מיט העברעאישע משכּילים וואָס פלעגן אריינקומען צו אים און זיי האָבן מיטגעבראַכט ביכער פון דער מאָדערנער העברעאישער ליטעראַטור, און מיט די ביכער אויך דעם זשורנאַל ״החלוץ״ וואָס זיין גרינדער און רעדאַקטאָר איז געווען דער בראָדער משכּיל יהושע

העשל שור, און לייענענדיק דאָס אַלץ האָט ער זיך איבערגעקערט. אַנדערע זאָגן אַז מיסיאָנערן פלעגן אַריינקומען צו אים און זיי האָבן אים געוואָלט באַווירקן פאַרלאָזן ייִדישקייט און איבערגיין צו קריסטנטום, פשוט "איבערבייטן דאס רענדל", זיך שמדן ר"ל.

איינער פון זיינע פריינד איז געווען אַ גוי, אַן אָנגעשטעלטער אין טעלעגראַף-אַמט. ער פלעגט אַריינקומען צום צדיק און זיך מתיחד זיין מיט אים בחדרי חדרים[90]. צוביסלעכווייז האָט ער אָנגעהויבן זיך דערווייטערן פון זיינע חסידים וואָס פלעגן קומען צו אים ווי געוויינטלעך, פאַרמאַכט פאַר זיי די טיר. און זיי, די חסידים, להיפוך, פלעגן מער און מער רייסן די טירן פון פאַרבאָרגענעם צדיק וואָס, לויט זייער פאָרשטעלונג, האָט דערגרייכט אַ גאָר הויכע מדרגה אין קדושה און רוחניות און איז נישט מסוגל קוקן אין די אויגן פון אַ ילוד אשה, געקנעט פון ליים. ער האָט שוין נישט געקאָנט איבערטראָגן אַזאַ לעבן און האָט געוואָלט פאַרלאָזן זיין רבישע שטול פאַר אַנדערע, גיין וואו ער וועט גיין, און לעבן ווי עס געפעלט אים, אָבער זיינע ברידער און זיין פרוי, די איינציקע וואָס האָבן געוואוסט דערפון, האָבן אים שטאַרק געבעטן ער זאָל נישט אָנטון זיי און דער גאַנצער משפחה אַזאַ בזיון[91].

כְּמעט דריי יאָר, פון תרכ"ז (1866) האָט ער זיך אַזוי געראַנגלט מיט זיך, געפירט אַ שווערע מלחמה און לויט אַ סברא, אין פאַרלויף פון די דריי יאָר געטראָגן אַ מאַסקע פון צדיקות. פון זיין האַרץ האָט ער שוין לאַנג אויסגעראָטן די אמונה. ער האָט שוין געקוקט מיט בטול און שפּאָט אויף זיין שטייגער לעבן ביז איצט און אויף דער הנהגה פון זיינע אָבות אבותיו. אין צווישן האָט מען זיך געשושקעט וועגן עפּעס "מאָדנע" זיטן דעם רבינס, "מאָדנע" אָבער נישט מער, וואָרעם ווער וועט וואַגן צו זאָגן פראַנק און פריי אַז דעם ריזשינערס זון, דער ליעווער צדיק, איז אַרויס לתרבות רעה? די פרוי זיינע איז געפאָרן אין יאָר תרכ"ז (1867) באַזוכן אירע ברידער, ר' מרדכי טשערנאָווילערס זין און האָט זיי אַנטפּלעקט אַז איר מאַן איז נישט קלאָר אויף די געדאַנקען און אַז ער איז שיער נישט משוגע[92].

דער געדאַנק אַז ר' בער איז משוגע האָבן די סאַדעגערער ברידער און די פרוי אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן ביסלעכווייז. זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז מ'וועט נישט קאָנען פאַרשווייגן לענגער, און כּדי צו פאַרענטפערן און מתרץ צו זיין וואָס עס פּאַסירט, האָט מען זיי געזאָגט אַז נאָר דערפאַר וואָס ער איז אַ חולה רוח און אַראָפּ פון זינען טוט ער וואָס ער טוט.

יום כפור תרכ״ט (1869), ווען קיין ליעווע איז אָנגעקומען זייער אַ גרויסע צאָל חסידים זען דעם רבין ר׳ בער, האָט ער זיי נישט געוואָלט מקבל-פנים זיין און האָט נישט געוואָלט גיין אין קלויז צו כּל-נדרי. האָט דאָס זייער שטאַרק פאַרדראָסן די גבאים, און דער פרוי, די רביצן, ווייל דורך אַזאַ זאַך וועט זיך אַלץ אַנטפּלעקן, האָט מען אים מיט געוואַלד ובחוזק יד געשלעפּט אין קלויז, ער האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט, מען האָט זיך אַזוי לאַנג און ברייט געאַמפּערט און געשלעפּט ביז דעם רבינס טלית איז צעפליקט געוואָרן. אין קלויז איז ער געזעסן פאַרביטערט און פאַרצווייפלט, די חסידים האָבן זיך געפרייט מיט אים אָבער ער אַליין איז געווען אין אַ מרהשחורהדיקן געמיט.

דאָס לעבן איז אים נמאס געוואָרן. אין זיין דערשלאָגנקייט האָט ער געזאָגט דער פרוי און די גבאים, אַז אויב זיי וועלן אים נאָך צווינגען און דריקן וועט ער קיין אַנדערע ברירה נישט האָבן סיידן זיך שמדן. די רביצן און די גבאים זיינען דערציטערט געוואָרן פון הערן אַזעלכע דיבורים. זיי האָבן אָבער דאָס געוואָלט פאַרשווייגן ביז נאָך אַלע יום-טובים.

פאָרנדיק אין אַ פיאַקער שפּאַצירן איבער די פעלדער אין אַ פאַרנאַכט, איז אָנגעקומען דער שטאָט-דאָקטאָר מיט וועלכן מען האָט זיך אָפּגערעדט פון פריער, און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן רבין אין פיאַקער. בשעתן פאָרן איבער די פעלדער האָט אים דער דאָקטאָר אונטערגעטראָגן אונטער דער נאָז טראָפּנס סם און דער רבי איז אַנטשלאָפן געוואָרן. די גבאים וואָס זענען מיטגעפאָרן האָבן אים געקייטלט הענט און פיס און דער פיאַקער איז ווייטער געפאָרן, ביז ער איז אַריבער די גרענעץ, קיין סאַדעגערע, ווי מען האָט זיך אָפּגעשמועסט. ווען דער ליעווער רבי האָט זיך אויפגעכאַפּט און אָנגעהויבן שרייען, האָט אים נישט געהאַט ווער צו הערן. ערב שבת איז ער אָנגעקומען קיין סאַדעגערע, צו זיין ברודער ר׳ אברהם יעקב און דאָרט האָט מען אים פאַרשפּאַרט אין אַ צימער. אין יענעם טאָג האָט ער נישט געדאַוונט, ניט קיין טלית און תפילין צו שחרית און ניט מינחה-מעריב און קבלת שבת. אויף צו מאָרגנס, שבת, איז געקומען דער ברודער אים מסרן, אַז מיט זיין אויפפירן פאַרשעמט ער דעם טאַטנס כבוד און מאַכט חוזק פון די צדיקים פאַר די אפיקורסים.

די גאַנצע צייט האָט ר׳ בער געשוויגן, און ווי אַ מין ענטפער אויפן ברודערס מוסר-רייד איז ער צוגעגאַנגען צום ברענענדיקן ליכט און עס אויסגעגלייכט. ווען ר׳ אברהם יעקב האָט געזען זיין ברודער מחלל-שבת-זיין

האָט ער געחלשט[93]. ווען מען האָט אים צוריקגעבראַכט אַהיים און ער איז צוריקגעקומען צו זיך, האָט ער זיך געווענדט צום עולם: איר זאָלט נישט זאָגן אַז אונדזער ברודערס וועג איז אַ דרך לעבודת ה'. ניין, ברידער, וויי, נתחמץ[94].

נישט ווייט פון סאַדעגערע איז טשערנאָוויץ. די ערשטע איז געווען די קרוין פון חסידות, די צווייטע די פעסטונג פון השכלה אין בוקאָווינע. ביידע שטעט האָבן צוגעצויגן ייִדן, צו דער ערשטער איז מען געקומען זיך דערקוויקן דאָס האַרץ מיט חסידות, צו דער צווייטער איינקויפן השכלה. און פונקט אַזוי ווי די אוקראַינער צדיקים פלעגן זאָגן אַז דאָס גהנום ברענט אין אָדעס, אַזוי פלעגן זאָגן די סאַדעגערער צדיקים אַז אין טשערנאָוויץ זענען אפילו די ברוקיר-שטיינער טריפה.

די טשערנאָוויצער משכּילים, דערוויסנדיק זיך וואָס ס'האָט פּאַסירט מיט ר' בער פון ליעווע, ווי אַזוי ער האָט זיך מכלומרשט פאַרוואַנדלט פון אַ צדיק אין אַ משכּיל, האָבן געצילט אויסצוניצן די לאַגע. זיי האָבן פּלאַנירט אים צו באַפרייען. דער העברעאישער שרייבער אהרנשטיין איז געפאָרן מיטן פּראָקוראָר קיין סאַדעגערע, צוגעפאָרן צום רבין, ר' אברהם יעקב, געפונען דאָס צימער אין וועלכן ר' בער איז געווען פאַרשפּאַרט, - און דעם שליסל האָט געהאַלטן דער רבי אין זיין האַנט. דער פּראָקוראָר האָט אים חוקר ודורש געווען הלמאי האַלט ער פאַרשלאָסן דעם ברודער, - האָט אים דער רבי אברהם יעקב געוויזן אַ בריוו פון דאָקטאָר אַז זיין ברודער איז אַ חולה רוח. דער פּראָקוראָר האָט אויפגעשלאָסן דאָס צימער און האָט געפרעגט דעם ליעווער רבין ר' בער צי ער וויל מיטפאָרן מיט אים. האָט ר' בער געענטפערט אַז ער וויל זייער גערן מיטפאָרן מיט אים, אַז ער איז פולקום געזונט גייסטיק און קערפּערלעך. און אַזוי אַרום האָט מען אים געבראַכט צו פירן קיין טשערנאָוויץ.

אין דער גרויסער שטאָט טשערנאָוויץ האָט זיך נישט געפונען ווער ס'זאָל אים אַריינגעמען צו זיך, אים געבן אַ דאַך איבערן קאָפּ און אַ געלעגער. די רעגירונג האָט אים נישט פאָרגעשלאָגן קיין אכסניא. זיי האָבן מורא געהאַט אַז באַטריגער וועלן קומען און וועלן אים פאַרפירן. האָבן זיי זיך געווענדט צו די דריי מנהיגים פון דער טשערנאָוויצער קהילה. דער ערשטער, אַ באַרימטער אַדוואָקאַט, האָט געהאַט פאַרשיידענע געשעפטן מיטן סאַדעגערער צדיק און מיט חסידים, האָט ער נישט געוואָלט פאַרבעטן דעם ליעווער צו זיך, מחמת געשעפטלעכע אינטערעסן. דער צווייטער מנהיג האָט זיך געהאַלטן

ווייט פון סכסוכים, אידעאישע מחלוקתן זענען אים ווייניק וואָס אָנגעגאַנגען, האָט געוואָלט לעבן בשלום מיט אַלעמען. נאָר דער דריטער, דאָקטער פון יוריספּרודענץ רייטמאַן, אַ תּלמיד פון יוסף פּערל פון טאַרנאָפּאָל איז מסכּים געווען און האָט גענומען ר׳ בערן צו זיך אַהיים. ר׳ בער האָט אין דעם הויז געגעסן, כאָטש ס׳איז געווען באַוואוסט אַז ס׳איז נישט קיין כּשר הויז. די רעגירונג האָט צוגעשטעלט פּאָליציי היטן ד״ר רייטמאַנס הויז ווייל אַ סך נייגעריקע מענטשן האָבן זיך אַריינגעריסן כאַפּן אַ קוק אויף אַזאַ אויסטערלישער און אויסערגעוויינטלעכער געשטאַלט.

דאָס האָט אויפגעבראַוזט די גאַנצע ייִדישע וועלט און בפרט די חסידישע. זיצט אַ רבי אויף זיין שטול ביי זיין טיש, פּראַוועט חסידות בעושר ובכּבוד, האָט אַזאַ גרויסע השפּעה, אַליין אַ זון פון אַזאַ באַוואוסטן צדיק ווי ר׳ ישראל פון ריזשין, געהערט אַזאַ באַרימטער משפּחה אין צדיקות און אמונה ווי דעם מגיד פון מעזעריטש, - און פּלוצעם ווי פון דער העלער הויט אַרויס, - פאַרלאָזט אַלץ וואָס הייליק איז הינטער זיך און עסט טריפות בפרהסיא און דערצו, ווי אַ רעשטל צו די צרות, אַ צוגאָב: מען איז אויפגעקאָכט געוואָרן פון דער ידיעה אין צייטונגען און אין דער עפנטלעכקייט אַז ער האָט זיך פאַרליבט אין אַ גויע און האָט בדעה זיך צו שמדן.[95]

די גאַליציאַנער חסידים האָבן זיך דווקא דערלעבט אַ שטיקל נקמה. זיי האָבן שוין לאַנג געזאָגט אַז די סאַדעגערער געפעלן זיי נישט, אַז ס׳איז נישט ייִדישלעך. די פּאַסירונג האָט זיי צוגעגעבן מוט און צוטרוי אין זייערע אייגענע ווערטער און דעם זיסן טעם פון נקמה וואָס צינדט חיונא פון די אַנטאַגאָניסטישע אינטער-חסידישע באַציאונגען. די סאַדעגערער חסידים אָבער, זענען גאָרנישט געפאַלן ביי זיך. זיי האָבן מיט אַזאַ ברען ווייטער געגלייבט אין זייער רבין ר׳ בער פון ליעווע אַז זיי זענען געווען גרייט אים נאָכפאָלגן בלינדערהייט. אַ סך מעשיות זענען פאַרשפּרייט געוואָרן, איין מעשה האָט דערציילט אַז אליהו הנביא בייט די שיסל מיט טריפות אויף אַ שיסל מיט כּשרע מאכלים.

אַן אַנדערע האָט דערציילט: אשמדאי האָט זיך פאַרשטעלט פאַרן רבין, כּדי צו פאַרפירן די אפּיקורסים. אַ דריטע לעגענדע האָט דערציילט: דער רבי איז אַרויף אין הימל און בלויז זיין אויסערלעך געשטאַלט האָט דאָס אַלץ אָפּגעטוען. און ווידער אַן אַנדערע האָט גורס געווען: ער איז בחינת משיח, ביש מלבר וטב מלגוו טייטש, שלעכט פון דרויסן און גוט פון אינעווייניק. און אַנדערע האָבן געטענהט אַז ער איז אַראָפּ צו דער לעצטער מדרגה

כדי אַרויפצוברענגען פון דאָרט געפאַלענע נשמות. מען האָט אויך געטענהט אַז ער האָט געטון די אַלע דערווידערדיקע זאַכן כּדי מזכה צו זיין די בעלי-עבירהניקעס וואָס פירן זיך אויף אַן ענלעכן וועג. די מער מילדערע חסידים האָבן געטענהט אַז ער איז פּשוט אַראָפּ פון זינען[96]. די חסידים זיינע האָבן ווייטער געגלייבט אין אים, נישט ווייניקער ווי פריער. אַ טייל פון זיי האָבן אפילו געזאָגט אַז אויב זיי וואָלטן געווען געזען דעם רבין זייערן עסן האַזנפלייש, וואָלטן זיי געגעסן די שריים. און ווען מען האָט זיך געשפּאַרט מיט זיי און געזאָגט אַז דער וועג איז נישט קיין ייִדישער וועג, האָבן זיי געענטפערט: וואָס עפּעס רעדט איר מיט אונדז אַזעלכע רייד, איר פאַרשטייט נישט דעם דאָזיקן וועג וואָס איז גבוה מעל גבוה.[97]

אין טשערנאָוויץ, זיצנדיק ביי ד"ר רייטמאַנען, האָט ר' בער אייגנטלעך גאָרנישט געטון. פאַרשער וואָס האָבן געפאָרשט די פּרשה אויף אַ גרינטלעכערן אופן זענען געקומען צום אויספיר אַז ער איז געווען אַ גאַנץ דורכשניטלעך-מיטלמעסיקער מאַן מיט קנאַפּע קענטענישן און וויסן. ער האָט אַליין, מסתמא, נישט געוואוסט, אויף וועלכע וועגן צו גיין אין דעם נייעם לעבן. די אמונה האָט ער פאַרלוירן. זיין האַרץ האָט זיך אויסגעהוילט פון אַלץ וואָס זיינע אָבות האָבן איבערגעלאָזט דור אויס דור איין משך הונדערטער יאָרן. ער האָט נישט געוואוסט מיט וואָס אָנצופילן די פּוסטקייט וואָס האָט זיך געשאַפן אין אים. נאָך דריי יאָר זיין פאַרשפּאַרט בעל כּרחו, זיצט ער איצט אין טשערנאָוויץ, אין אַ פריי הויז און קאָן טון אַלץ וואָס זיין האַרץ גלוסט. ער בעט אָפּגאָלן די באָרד, אָנטוען קורצע אייראָפּעישע קליידער און גיין אין טעאַטער. ביי ד"ר רייטמאַן איז געווען אַ קליין מיידעלע, צען יאָר אַלט, וואָס האָט ליב באַקומען דעם גאַסט, דעם "צדיק" ר' בער, פלעגט אים זינגען דייטשע לידער און שפּילן פאַר אים אויף קלאַוויר. דאָס מיידעלע האָט אים אויסגעלערנט לייענען דייטש און זיך חתמענען Bernhard Friedmann.

דער העברעאישער שרייבער א. אהרנשטיין האָט אים געבראַכט ביכער פון דער מאָדערנער העברעאישער ליטעראַטור, כּדי ער זאָל לייענען און זיך איינקויפן קענטענישן אין די וועלטלעכע לימודים. ער האָט אים געבראַכט שד"ל-ס "ויכוח על הקבלה" און יצחק ערטערס "הצופה לבית ישראל". לוצאַטאָס בוך האָט ער נישט געלייענט זאָגנדיק: ווער ווייסט נישט אַז קבלה איז אַן אויסגעטראַכטע זאַך פון באַטריגער? אין "הצופה לבית ישראל" האָט

ער זייער ווייניק געלייענט אָבער פון דעם ביסל האָט ער זייער הנאה געהאַט. ער האָט אָבער געזאָגט אַז ער האָט נישט אַלץ פאַרשטאַנען, ווייל די מליצהדיקע שפראַך איז אים נישט פאַרשטענדיק.

מיט דעם שרייבער אהרנשטיין פלעגט ער זיך באַגעגענען גאַנץ אָפט. אהרנשטיין איז אַליין געווען אין דער יוגנט דעם טאַטנס אַ חסיד, נאָר שפּעטער האָט ער זיך איבערגעקערט. פון אהרנשטיינען האָט דער ליעווער געוואָלט וויסן וועגן ראַפּאַפּאָרט, גייגער און די חכמי-ישראל פון יענער צייט, און וועגן ברוך שפּינאָזאַ.

דער שרייבער האָט אים אַלץ דערקלערט און דערציילט און ווען ער האָט אים אויסגערעכנט וואָס שפּינאָזאַ האָט געהאַט אויסצוהאַלטן, האָט אים דער צדיק געענטפערט: "איך זע שוין אַז אַלע גדולי ישראל האָט מען גערודפט אומשולדיקערהייט".

פאַר די טשערנאָוויצער משכילים איז ער געווען אַ שפּילעכל. זיי פלעגן אַריינקומען צו ד"ר רייטמאַנען קוקן ווי אויף אַ טשיקאַוועס אויף אַ בער וואָס מען האָט אַריינגענאַרט און פאַרכאַפּט. אין אַ שבת האָט ד"ר רייטמאַן פאַרבעטן די משכילים צו זיך אויף אַ מסיבה און צווישן די פאַרבעטענע זענען געווען אויך עטלעכע גויים וואָס האָבן געוואָלט זען ר' בערן און רעדן מיט אים. זיי האָבן זיך דערוואַרט באַגעגענען אַן אויסערגעוויינטלעכע פּערזענלעכקייט מיט טיפע אוןברייטע קענטענישן, - און דערפאַר זענען זיי זייער אַנטוישט געוואָרן באַגעגענען אַ פּשוטן מענטשן וואָס קען אפילו נישט רעדן מיט זיי, - ווייל ער האָט נישט געקענט דאָס לשון און בלויז דער דערמאָנטער אהרנשטיין איז געווען דער מליץ בינותם, דער איבערזעצער.
פון דעם אינהאַלט פון שמועס לאָזט זיך אויס אַז די משכילים האָבן זיך באַנומען מיט זלזול צום רבין, און זיי האָבן פון אים, מיט זייער לייכטשאַצונג, פּשוט חוזק געמאַכט. איינער פון זיי האָט אים געפרעגט איבּ ער, ווען ער איז געווען אַ צדיק, האָט פאַרטריבן שדים מיט רוחות. דערויף האָט געענטפערט ר' בער, אַז אַ מאָל איז צו אים געקומען אַ יאַסער ייִד און אים געבעטן פאַרטרייבן דעם לץ וואָס טאַנצט אין זיין נייעם הויז. האָב איך אים געזאָגט: ווייסט דאָך אַז די אפּיקורסים לאַכן זיך אויס און גלייבן נישט אַז ס'איז טאַקע דאָ שדים, רוחות און לצים און אויך אין יאַס זענען דאָ אוודאי אַזעלכע, איז דערפאַר וועסטו מקדש זיין שם שמים אויב דו וועסט אים נישט פאַרטרייבן און אים ווייזן יעדן אפּיקורס, כדי ער זאָל פון היינט אָן ווייטער גלייבן אַז שדים, לצים

און רוחות זענען טאַקע דאָ...

אין סאַדעגערע איז דער מצב געווען נישט אויסצוהאַלטן. די ברידער און די פרוי זענען געווען אין אַ שווערן געמיט. זיי האָבן צו אים געשיקט פאַרשיידענע שליחים, צווישן זיי אויך זייער שוואָגער, דעם צדיק ר' מענדל פון וויזשניץ, ער זאָל אים איבערצייגן אַהיימקומען. ווען ר' מענדל האָט אים געזען, האָט ער געריסן פון זיך די קליידער און זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד: דעם ריזשינערס זון, אַ קינד פון דעם מגידס משפחה זאָל אַזוי אַראָפּפאַלן. ביסלעכווייז האָט דער עולם אָנגעהויבן זיך צוגעוואוינען צו דעם נייעם מצב, אָבער ס'איז נאָך נישט אינגאַנצן שטיל געוואָרן. אַ נייע כוואַליע האָט אויפגעשטורעמט און אויפגעברויזט די עפנטלעכקייט: דער ליעווער צדיק האָט פאַרעפנטלעכט אַן "אָפענעם בריוו" אין "המגיד".[98]

גלייך פון אָנהייב איז קלאָר געווען אַז דעם גלוי-דעת האָט דער ליעווער נישט געשריבן. געשריבן האָט אים א. אהרנשטיין און די טשערנאָוויצער משכּילים. ווען אהרנשטיין האָט דערלאַנגט דעם רבין דעם גלוי-דעת צו חתמענען, האָט דער רבי געזאָגט: "ווי אַרויסגענומען די ווערטער פון מיין מויל". פּרץ סמאָלענסקין[99] האָט גלייך חושד געווען די משכּילים אַז זיי האָבן געפעלשט, און אַז דאָס זענען נישט ר' בערס אייגענע רייד. דער גלוי-דעת איז געחתמעט: דובער במהור"ר ישראל. סמאָלענסקין פירט אויס: "לא כתב לא זצ"ל ולא ז"ל ואף לא נ"ע כאשר יעשו אף המשכילים. ומן הנמנע להאמין, כי קנה כה חכמתו בשעה אחת עד כי יחשוב את הכבוד הזה אשר יחלקו הבנים לאבותיהם שוכני עפר למנהג שטות. לכן גמרתי אומר בראותי זאת כי מלאכתו זאת נעשתה ע"י אחרים". סמאָלענסקין גלייבט אויך נישט די דריי עדות וואָס אַטעסטירן די אָריגינאַליטעט פון דעם גלוי-דעת און פרעגט: "מדוע לא בא לא רב ולא דיין על החתום?".

דער גלוי הדעת וואָס זיין אָריגינאַליטעט איז אָפּגעפרעגט געוואָרן, האָט געהאַט אַ שטאַרקן אָפּרוף. פון איין זייט האָבן יובילירט די משכּילים. די סטודענטן פון העברעאיש אין קיִעווער אוניווערסיטעט האָבן איבערגעזעצט דעם גלוי-דעת אויף רוסיש און אים פאַרעפנטלעכט אין רוסישע צייטונגען.[100] משכּילים האָבן געהאָפט אַז אָט-אָט האָבן זיי א פּאַסיקע פיגור אָנצופירן אין גאַליציע, רומעניע און אוקראַינע אַן ענלעכע רעפאָרם-באַוועגונג ווי אין אשכנז. אברהם בער גאָטלאָבער האָט געשריבן ר' בערן אַ מליצהדיקן בריוו און אים געפרעגט מכּוח זיין רעליגיעזער אָריענטאַציע.

פון דער אַנדערער זייט האָט דער גלוי-דעת געווירקט אַז די אומצופרידנקייט אין דער חסידישער וועלט זאָל אויסברעכן עפנטלעך, און ווי אַ דירעקטער פועל-יוצא דערפון - אַ שווערע און ביטערע מחלוקת צווישן ר׳ חיים האַלבערשטאַם פון צאַנז פון איין זייט און חסידות סאַדעגערע פון דער אַנדערער זייט. די מחלוקת און שווערער קאַמף האָט אַריינגעצויגן אַ סך רביים און חסידישע הויפן און האָט זיך פאַרשפרייט, מיט חרמות און סכנת נפשות פון גאַליציע און בוקאָווינע אַזש ביז די כוללים פון ארץ-ישראל.

די סאַדעגערער ברידער האָבן איינגעלייגט וועלטן אַהיימצוברענגען דעם ברודער זייערן פון טשערנאָוויץ. אַזוי ווי זיי האָבן נישט געקאָנט משפיע זיין אויף אים מיט גוטע רייד, האָבן זיי אונטערגעשטעלט די שררה זאָל זיך אַריינמישן און באַווירקן, זיי האָבן דערקלערט אַז זיין אויפפירן זיך איז אַ גרויסע סכנה פאַרן כלל ישראל. די טענות, - צוזאַמען מיטן שוחד וואָס האָט אונטערגעקויפט די שררה, - האָבן געפועלט. דער פרעפעקט האָט פאַרבעטן דעם ליעווער רבין צו זיך, אים געמוסרט און געוואָרנט אַז פאַר אַזאַ מענטש ווי ער פאַסט נישט אַזאַ וועג, און ס׳וואָלט גוט געווען ער זאָל אַהיימפאָרן, און ער, דער פרעפעקט, וועט אַכטונג געבן אַז ס׳זאָל אים גאָרנישט געשען.

ר׳ בער איז דעמאָלט געווען עלנט, אָן פריינד און אָן קרובים. ד״ר רייטמאַן ביי וועלכן ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אין טשערנאָוויץ, איז געפאָרן קיין ליעווע דורכפירן אַ שליחות וועגן צדיק. ער האָט געזאָלט באַקומען, על-פי משפט, פערציק טויזנט גילדן וואָס דער רבי האָט איבערגעלאָזט אין אַ קאַסע-קאַסטן. ווען ד״ר רייטמאַן איז אָנגעקומען, האָט ער געפונען אַ פאַרשלאָסענעם קאַסע-קאַסטן און דער שליסל איז נישטאָ. די רביצין האָט געזאָגט אַז זי ווייסט נישט וואו דער שליסל איז. ד״ר רייטמאַן האָט געוואַרט ביז מען האָט געבראַכט פון ווין אַ נייעם שליסל. מען האָט אויפגעעפנט דעם קאַסע-קאַסטן און מען האָט אים געפונען ליידיק, אָן געלט.

די רביצין האָט געטענהט אַז זי איז קיינמאָל נישט צוגעגאַנגען צום קאַסע-קאַסטן און בלויז איר מאַן האָט זיך דערמיט געפאָרעט. ד״ר רייטמאַן איז צוריקגעקומען קיין טשערנאָוויץ מיט ליידיקע הענט. אויף ר׳ בערן איז אויסגעקומען אַ גרויסע נויט. ער איז איבערגעבליבן אַליין, אָן געלט און אָן פריינד. די משכילים האָבן אים שוין נישט געדאַרפט האָבן. אים האָבן זיי אויסגענוצט אַ סך מער ווי דאָס וואָס זיי האָבן אים געגעבן. זיי האָבן ביי אים אַרויסגענאַרט די חתימה אויפן גלוי דעת און האָבן אים פאַרלאָזט. פון

דער אַנדערער זייט רופן אים די ברידער אַהיים. זיי זאָגן אים צו עושר און כּבוד און אויך די רעגירונג פאַרזיכערט אים אַ רואיק לעבן.

ר׳ בער איז נישט געווען פעסט אַנטשלאָסן אין זיינע איבערצייגונגען, - אפשר אַחוץ די וואָס ער האָט געוואָלט לעבן פריי און ניט זיין געצוואונגען. איצט, ווען ער איז אין אַזאַ קלעם, אַ קורצע צייט נאָך דעם פאַרעפנטלעכן פון דעם גלוי דעת, נאָך אַכט וואָכן וווינען ביי ד״ר רייטמאַנען אין טשערנאָוויץ, איז ער צוריקגעפאָרן אַהיים, צו די ברידער וואָס האָבן זיך זייער געפרייט מיט אים. ער האָט זיך באַזעצט ביי זיין שוועסטער, אין אַ דאָרף לעבן סאַדעגערע.

די סאַדעגערער חסידים האָבן זיך זייער שטאַרק דערפרייט. ״דער ליעווער צדיק האָט זיך געראַנגלט מיט סמאל און איז אים בייגעקומען״, ״אין זיין עליה האָט ער מיטגענומען אַ סך הייליקע נשמות״, - האָט געשריבן דעם רבינס גבאי צו איינעם פון די סאַדעגערער חסידים. מען האָט צעשיקט דעם ליעוועס אַ בילד איבער אַלע חסידישע תּפוצות אום כּדי צו באַווייזן ״להראות אשר זקנו ופאותיו מגודלות וירמולקה על ראשו״.[101]

איינער פון די מאָטיוון פון דער וואָרער רעאַליע וואָס האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער פּאָעטישער-אויסגעטראַכטער רעאַליע פון יעקב פרידמאַנס ליד איז דער משוגעת, דער חולי-הרוח.

דער שטאָט-משוגענער שטייט אין מיטן הויף,
דאָס רויטבאָרדיקע פּנים
צום פאַרנאַכטיקן הימל אַרויף:
״או-וואַ, או-וואַ, זעט אַ געטומל,
אַראָפּ פון זינען, רחמנא ליצלן,
די כמאַרעס אין הימל...
- - - - - - - - - - - - - - -
פיו, פיו דולע פאַסטעכער
פירן טשערעדעס פי.
געפּענטעטע גולמעס
נידערן אַראָפּ אויף די קני...
- - - - - - - - - - - - - - -
אַ מטורפע מויד רינט אָפּ מיט בלוט

זי גייט צו קינד...
שאַט, שאַט,
דעם יויזל, מיט מזל, דעם יויזל געהאַט...
כי, כי...
און דער ליעווער רבי האָט זיך אָפּגע...
גוואַלד, ייִדן, דאָס חשכות ווערט געדיכטער!"[102]

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

דער וואָרער אָנשפּאַר פון דעם פּאָטעישן חשכות איז, חוץ דעם וואָס מיר האָבן שוין באַמערקט[103] און אָנגעוויזן, אויך אין "אגרת שלומים".[104] דאָ געפינען מיר בפירוש: "כי כל אשר עשה לא היה בשלימות דעתו". אין דעם קול קורא[105] וואָס, אַזוי ווי דער גלוי דעת פון טשערנאָוויץ, איז אַ גרויסער ספק צי ער האָט אים געשריבן צי אַנדערע, און ער האָט בלויז געחתמעט, געפינען מיר: "חס ליה לזרעיה דאבא לעבור את פי ד'"... "לא ברוח נכון ודעת שלם עשיתי את כל המעשים אשר לא יעשו". אויב מען דאַרף האָבן אַ סיבה דערצו, איז זי פאַרצייכנט: די פּטירה פון דעם שטעפענעשטער רבין. "ואָרא ואפול ותכסני פלצות נהפכו עלי צירי נבהלו רעיוני נתקו מורשי לבבי הייתה כגבר אין איל".

י"ג כסלו תרל"ז (1877) איז דער ליעווער רבי, ר' דוב בער נפטר געוואָרן און געבראַכט צו קבר ישראל אין דעם זעלבן אוהל און ציון פון זיין פאָטער, ר' ישראל פון ריזשין, - אָבער נישט לעבן זיין פאָטער האָט מען אים מקבר געווען, נייערט אין אַ ווינקל, אָפּגעזונדערט. די חסידים דערציילן אַז דאָס האָט אָפּגעטון ר' שלמהניו, ר' אברהם-יעקבס זון, אָן דעם טאַטנס וויסן אָדער הסכּמה. ווען ר' אברהם-יעקב איז געקומען צום בית-עלמין און געפונען ר' בערס קבר, האָט עס אים שטאַרק פאַרדראָסן און געהאַט גרויס פאַראיבל און דער זון איז געשטראָפט געוואָרן, - ער האָט נישט דערלעבט דאָס יאָר, - אַזוי דערציילן חסידים.

מיר זענען פריער, ביים סוף פון פרק "נפילים" אָנגעקומען צום אויספיר אַז פון יעקב פרידמאַנס פּאָעזיע קאָן אַרויסקוקן מאָרגן עפּעס וואָס מיר האָבן נישט באַמערקט היינט, אונדזערס אַן אייגן אַנדער פּנים, ווייל אין די תּהומות פון שירה באַגעגענען מיר זיך מיט זיך אַליין. דערפאַר, ווי אַ פּאַראַדאָקסאַלער ראַציאָנאַלער אויספיר צו דעם וואָס ראַציאָנאַליזם און לאָגיק זענען אירע גרעסטע שונאים, און דער אַקסימאָראָן אַן אבן נזר, איז מעגלעך פאָרמולירן אַז די עסכאַטאָלאָגישע נטיה אין יעקב פרידמאַנס פּאָעזיע ווי אַ כּלל, איז די נטיה פון ווערן דאָס וואָס פון פאַרן ווערן, פאַר שמים וארץ, ווען "רוח אלוקים מרחפת": פאַר בראשיתדיק. דער אויספיר לגבי "נפילים" פאָדערט אַ ברייטערע דערקלערונג און אפילו נאָר דערפאַר וואָס מיר האָבן אָנגעווענדט "יעקב פרידמאַנס פּאָעזיע ווי אַ כּלל".

דאָס ליד "מלכּה פון שטילקייט"[106] קאָן בלויז על פּי מראית עין, קאַטעגאָריזירט ווערן ווי אַ ליד וואָס זיין הויפּטמאָטיוו איז די שטילקייט. דער זעלבער דין איז חל אויף אַ גרויסער צאָל פרידמאַנס לידער, אָבער פאַר די אילוסטראַטיווע ציטאַטן וועלן מיר ניצן בלויז געציילטע, ווי "אונדזער שפּיל-הויז"[107] און "איידער איידער".[108]

בראשית ברא... אין אָנהייב האָט גאָט באַשאַפן... די מעשה יצירה איז דורכגעפירט געוואָרן בכוח הדיבור, מיטן כּוח פון וואָרט, פון שפּראַך. אמר ר' יהודה בר סימון:[109] מתחילת בריתו של עולם "והוא גלא עמיקתא ומסתרתא[110] שנאמר בראשית ברא ה' את השמים ואת הארץ..." איז דער טייטש: אין אָנהייב פון באַשאַפן הימל און ערד, די טיפענייש און די פאַרבאָרגעניש, זענען נישט דערקלערט געוואָרן אויף זייער אָרט אין דער תּורה נייערט שפּעטער איז אַלץ דערקלערט געוואָרן, אין די נביאים און כּתובים.[111] דער דיכטער, דער לידער-שמידער שאַפט וועלטן מיטן כּוח פון וואָרט, וועלטן וואָס זענען אַ פּועל יוצא פון זיינע ספקות און זוכענישן. אַ וועלט געמאַכט לויט דער מאָס, סיי ווי אַ פּשרה צווישן דאָס וואָס ער וויל און דאָס וואָס ער קאָן. די דאָזיקע גלא עמיקתא ומסתרתא דאַרף אויך דערקלערט און אינטערפּרעטירט ווערן, דאָס איז די אויפגאַבע פון דער

ליטעראַרישער קריטיק לגבי יעקב פרידמאַנס פּאָעטישער וועלט.

"דבר", דאָס וואָס ווערט געשאַפן מיטן כּוח הדיבור, פון שורש ד ב ר איז אַן אַרומנעמיקער, כּוללדיקער באַגריף. עס איז יעדעס וואָרט און מאמר, יעדע זאַך אָדער אָביעקט, יעדער ענין, סוביעקט און טאַט, מחשבה און געפיל, וואָס האָבן אַ נאָמען אין דער שפּראַך פון לעבעדיקע מענטשן.

בראשית איז שוין די פּראָפּאַנאַציע פון דער אַבסאָלוטער שטילקייט, אַזוי ווי דאָס וועלן פאַרשטיין על-פּי שכל דעם תוהו ובוהו, איז באַהאַנדלט געוואָרן פון חז"ל:[112] החכם עיניו בראשו של עולם, מששת ימי בראשית ואילך, והכסיל בחושך הולך, זה שהוא מניח בריתו של עולם ודורש מין החושך, מה היה.

דער דיכטער וויל אָבער נישט חוקר און דורש זיין, וויל נישט פאַרשטיין, וויל נישט וויסן און קענען. די חקירה, פאַרשטאַנד און וויסן זענען אַטריבוטן פון מאַטעריעלער עקזיסטענץ און דער דיכטער גאַרט צו פאַר דעם, צו איידער-איידער, צו דער שטילקייט פון פאַר בראשית, צו:

איידער גאָט האָט באַשאַפן די כמאַרע?

\- - - - - - - - - - - - - - - - - - -

איידער געבורט פון פויגלשער מראה?

\- - - - - - - - - - - - - - - - - - -

איידער מ'האָט אָדמען פון ליים געקנאָטן?

\- - - - - - - - - - - - - - - - - - -

איידער דער טאָג האָט גענומען טאָגן,

\- - - - - - - - - - - - - - - - - - -

איידער-איידער דאָס וואָרט איז געווען.[113]

אין פלוג האָבן מיר דאָ אַ פּאַראַדאָקסאַלע דערשיינונג: די פּאָעטישע שטילקייט ווערט געשאַפן מיטן כּוח פון וואָרט. אויסער דער וועלט פון פּאָעזיע, שאַפט ער שטילקייט דורך אויסמיידן קלאַנגען. די פּאָעטישע שטילקייט איז אָבער נישט אַזעלכע וואָס ווערט געשאַפן דורך שווייגן. די אַנטקעגנגעזעצטקייט איז נאָר למראית עין. אין תוך, שאַפט דאָ יעקב פרידמאַן אַ פּאָעטישן אויסדרוק נישט דורך אויסמיידן ווערטער נאָר דורך אַן איידל-לירישן אויסדרוק, הגם אויף אַ נעגאַטיוון אופן: אָן.

דעמאָלט וויינען פּאָעטן
אין מיטן האַרץ פון שטאָט,
וויינען פון ליבשאַפט,
און זיי באַשווערן
די טרערן,
צו פאַלן
אָן רעש[114]

יעקב פרידמאַן שאַפט אַ פּאָעטישן אויסדרוק פאַר דער בענקשאַפט צו דער שטילקייט. דער פּאָעטישער אויסדרוק ווערט געשאַפן מיט דעם מעדיום וועלכן וואָס מער דער דיכטער פאַרמאָגט אים און באַהערשט אים, אַלץ מער און מער קאָן ער אים באַצוימען און געבן דעם אויסדרוק פון באַקעמפן אים, פון שטרעבן צו דער שטילקייט וואָס טרייסלט אויף.

אין "אונדזער שפּיל-הויז" אַנטפּלעקט זיך דער סוד הצמצום. פון מאַקראָקאָסמאָס צו מיקראָקאָסמאָס, פון "אָדם" ווי אַ כּוללדיקער באַגריף פאַר דעם כּלל-מענטש, צו עמבריאָנען אין מוטער-טראַכט. אָבער דער צד השווה איז דער מצב פון איידער: עמבריאָן איז איידער מענטש, איידער ווערן. דער וואונטש, די תּפילה איז די זעלבע: נוח לו לאדם שלא נברא יותר משנברא, ווערן דאָס וואָס פון פאַרן ווערן.

"די שטילקייט זאָל שטילער נאָך ווערן"

איז אַ כּמו-אַליטעראַטיווער אויסדרוק פאַר דעם "מער", וואָס איז דער עיקרדיקער טרייב-כּוח פון פּאָעטישן מענטש, וואָס שטרעבט צו מער מענטש, דער כּח וואָס דערהייבט דעם מענטשן צום הימל, מאַכט אים ווערטיקאַל.

צום סאַמע אָנהייב געווען איז שטילקייט,
און די שטילעניש געווען איז גאָט
און גאָט איז געווען די שטילקייט.[115]

דער אויסדרוק פון בענקשאַפט און ליבשאַפט צום תּמצית פון אָנהייב, צום שורש פון "סאַמע", צו גאָט, - איז פון פרידמאַנס העכסטע פּאָעטישע

דערגרייכונגען, די טיפקייט און די הייך ווערן דאָ איין גאַנצקייט און דאָרט וואו די טיפקייט, דאָרט ממילא אויך די שיינקייט.

די נטיה צום טויט, צו ווערן אויס, די געאָטראַפּישע נייגונג צו דער ערד און נאַכט, צו קבר און פינצטערניש ווי אַ ציל פאַר דעם אויסלייזן פון מענטשן פון וועלט-שמערצן און לעבנס-שמערצן, איז פאַרשפּרייט אין דער דייטשישער ליטעראַטור פון דער צווייטער העלפט פון אַכצעטן יאָרהונדערט און די ערשטע העלפט פון נײַנצעטן יאָרהונדערט. דער פרע-ראָמאַנטישער שטראָם וואָס זיינע בולטסטע פאַרשטייער זענען געווען געטע (1749-1832), שילער (1759-1805), נאָוואַליס (1772-1801). די דיכטער און זייערע פּאָפּולערע ווערק, - חוץ היינריך היינע און אַנדערע, זענען געווען, וואָרהאַפּטיק, גוט באַקאַנט דעם יונגן דיכטער, דעם מילניצער רבינס זון, וואָס האָט אָנגעהויבן גאַנץ פרי לייענען וועלטלעכע ביכער.

די קאָסמאָגאָנישע פראַגעס וואָס יעקב פרידמאַן פרעגט אין אַ סך, זייער אַ סך פון זיינע לידער, זענען שוין געפרעגט געוואָרן אין דער פּאָעטישער שאַפונג פון דעם פרע-ראָמאַנטישן שטראָם. יעקב פרידמאַן פרעגט:

וווּ האָט געוווינט דער בליץ
איידער גאָט האָט באַשאַפן די כמאַרע?
וווּ האָט געאָטעמט זעל פון פלי
איידער געבורט פון פויגלשער מראה?

וווּ האָט דער ניגון געהויזט
איידער מ׳האָט אָדמען פון ליים געקנאָטן?[116]

דער מאמר ״צדיק ורע לו, רשע וטוב לו״[117] דאַרף געשריבן ווערן מיט אַ פרעג-צייכן.

דער כמו-אָנזאָג זיך לערנען נישט צו פרעגן איז אין תּוך אַ פראַגע. צוויי מאָל חזרט זיך איבער אין ליד[118]:

ייִנגעלע, זאָגט ער, לערן דיך פאַמעלעך לעבן און שטאַרבן
און פרעג נישט צו פיל ״פאַר ווען און פאַר וואָס״?

דער פרעגצייכן באַציט זיך נישט נאָר צו דער פראַגע וואָס צווישן די גענזנפּיסלעך, נייערט צום גאַנצן זאַץ. וואָס הייסט לערן דיך פּאַמעלעך לעבן? לעבן לערנט מען זיך נישט. דאָס לעבן איז אַרויפגעצוואונגען, אַ טראַנסצעדענציע, וואָס חז״ל האָט זי פאָרמולירט על כרחך אתה חי....[119] שטאַרבן דאַרף מען זיך אודאי נישט לערנען. איז דער אויספיר אַז דער פרעגצייכן באַציט זיך צום גאַנצן פּאָעטישן אויסדרוק.

דריי-פּאַכיקע פראַגן, ווי די וואָס מיר האָבן אַקערשט געבראַכט, געפינען מיר ביי נאָוואַליס, אין זיינע "הימנען צו דער נאַכט".[120] אין 1797, זייער דערשלאָגן פון דעם טויט פון זיין ברויטיגאַם Sophie von Kuhn, האָט ער פאַרפאַסט אַ ציקל פון זעקס הימנען צו דער נאַכט. די פּאָעמעס, אין פּראָזע מיט איינגעקערפּערטע פערזן, זענען אַ ליוב-געזאַנג צום טויט, דער איבערגאַנג צו אַ העכערער מדרגה פון לעבן, אין דער אָנוועזנהייט און שכנות מיט גאָט.

Muss immer der Morgen wiederkommeb?
Endet nie des Irdischen Gewalt?
Wird nie der Liebe geheimes Opfer ewig brennen?

נאָוואַליס וואָס גאַרט צום טויט כדי צו זיין מיט גאָט, איז מערקווירדיק ווען מיר קומען באַהאַנדלען יעקב פרידמאַנס שירה און זיינע ליוב-הימנען. "תּמימותדיקע ברואים"[121] איז מער אַ ליוב-געזאַנג דער תמימות, ווי איידער די ברואים. אין דעם ליגט דער תמצית פון אידענטיטעט און אַנדערשקייט צווישן די צוויי פּאָעטן.

די תמימותדיקע ברואים האָבן זעערישע אויגן,
זיי וווינען טיר ביי טיר מיט גאָט.
ביי נאַכט גייט ער אום אין זייער סאָד
מיט אַ דימענטענעם לאָגל צווישן צווייגן.

די נטיה צו זיין מיט גאָט איז יעקב פרידמאַנס הויפּט-מאָטיוו, און זיין שירה אָטעמט דערמיט. עס איז די זעלבע נטיה צו איידער-איידער, צו די גרויל-חלומות[122]:

"איך האָב שוין אַמאָל געזען גאָט, ער האָט געהאַט גרויסע, בלויע
אויגן
ווי דאָס גוטע פעטערל יונה".

ווו האָט געוווינט דער בליץ? פרעגט יעקב פרידמאַן מיט דער זעלבער תּמימות מיט וועלכער ער פרעגט: "ווו וווינט גאָט?"

געטע, וואָס דער גרעסטער שבח וואָס שילער האָט אויף אים געזאָגט איז, אַז ער איז אַ נאַיִוועֶר דיכטער, אַ תּמימותדיקער, באַזינגט די גרענעצן פון מענטשהייט און פון בליץ[123]:

Wenn der uralte
Heilige Vater
Mit gelassener Hand
Aus rollenden Wolken
Segnende Blitze
Uber die Erde sat,...

די עסכאַטאָלאָגישע נטיה צום טויט, צו דער אייביקער רו, גיט געטע אַ לירישן אויסדרוק אין זיין קורץ ליד 98):

Uber alle Gipfeln/ Ist Ruh/In allen Wipfeln/Spurest du/Kaum ein Hauch/ Die Vogelein schweigen im Walde./Warte nur, balde/Ruhest du auch.

די פייגל שווייגן אין וואַלד דעם ערב ווערן-אויס און די שטילקייט איז אַ געגאַרטע, אַ געבענקטע, אַזוי ווי אין "צו דער לבנה"[124] אָן אָדע צו דער נאַכט און אַן אויסדרוק פון געאָטראָפּיזם.

דער מייסטער זינגער פון דער דייטשישער פּאָעזיע גיט דער עלעגיע[125] זיינער אַ מאָטאָ, וואָס איז דער תּמצית פון וויי-געשריי און קלאָג-ליד. ער האָט אויף דעם אופן אָדער אויף אַן אַנדערן געהאַט השפּעה אויף אונדזער דיכטער, געבוירן און אויפגעצויגן אין דעם דייטשישן קולטור-קרייז.

Und wenn der Mentsch in seiner Qual verstummt
Gab mir ein Gott, zu sagen, was ich leide

זאָגן איז יעקב פרידמאַנען שווער. ווערטער קומען אים אָן מיט קלעם און נויט. דער עלאָקווענטער נביא,[126] דער מחבר פון דער גרויסער עלעגיע "איכה", האָט אויך שווערע רגעס פון רעזיגנאַציע, ווען ער איז זיך מודה "לא ידעתי דבר".

דער פאַרפאַסער פון Resignation און זיין ווערק,[127] זענען אודאי באַקאַנט געווען אונדזער דיכטער, דעם מחבר פון "וואָרט איז שווער און באַלאָדן"[128] וואָס זאָגט עדות אויף זיין דיכטערישן איך:

נאָר ס'שרעקט מיין האַרץ זיך פאַר ווערטער
ווי בליונג פאַר זילבערנעם פראָסט"

און אַנטקעגן דעם, און מיט דעם, שילערס אַפאָריסטישן ליד[129] וואָס שטעלט אַוועק מענטשלעך לשון אויף דער גרענעץ צווישן גשמיות און רוחניות, לעבן און טויט.

Warum kann der lebendige Geist dem Geist nicht erscheinen?
Spricht die Seele, so spricht, ach! schon die Seele nicht mehr.

ווערטער געהערן דעם גייסטיקן אומרו אין גשמיותדיקן מענטש, אָבער די ווערטער, דער אויסדרוק פון גייסט וואָס אין בשר ודם, שטרעבט צום אַבסאָלוטן רוחניות. און דאָס אַבסאָלוטע בלייבט אַ באַגער, אַ ציל, אַ בענקשאַפט און דער מענטש, שטרעבנדיק צו די אַבסאָלוטע ווערטן, ווערט דערהויבן, לויטערער, בעסער, ווירדיק פאַר דער געגאַרטער גאולה, - אָבער די פאַרווירקלעכונג, דאָס ווערן פון באַגער אַ ממשות, דאָס קאָן אויסלייזן דעם מענטשן פון דער ווירדיקייט פאַר די עסכאַטאָלאָגישע צילן זיינע.

"לאָז זיין" - פירט אויס פרץ אין זיין "מקובלים". לאָז זיין אַז דאָס קול שטייט אויף דער גרענעץ צווישן רוחניות און גשמיות!"[130]

יעקב פרידמאַן פירט דעם כסדרדיקן שמועס פון "אני", פון בשר ודם, פון חויה אין אָדם, - מיט דעם ציל, די לבנת הספיר, דאָס בראשיתדיקע תּוכיקע.

ווען יעקב פרידמאַנס דיכטערישער איך ווערט מסוגל אין ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער, ווערט מגולגל ר׳ לוי יצחקס איך אין ״אני״.[131] פאַרבייט ״פליִען״ מיט ״גאולה״, באַקומט איר דעם דיכטערישן גלגול פון פרידמאַנס עסכאַטאָלאָגישער נטיה.

ווער בין איך, ווער
און וואָס איז דער פשט פון ״אני״,
די מחשבה וועגן פליִען,
צי טאַקע ממש דער פלי?
און אפשרביידע?״

אַזוי האָט געטענהט דער באַרדיטשעווער זיידע.

דערנאָך אָנגעלאָדן דעם קלומיק
אויף פלייצעס,
און אַוועק אין דער וועלט
צו לערנען בראשית.

יעקב פרידמאַן פירט אים און פירט מיך, דעם לייענער, טריט ביי טריט.

## אין פלוג ווּעט אויסזען - און אין דעם גייסט זענען שוין

אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיינונגען - אַז דער מאָטיוו פון רחמים און ליבשאַפט איז דער הויפּט-מאָטיוו אָדער דער לייטמאָטיוו אין יעקב פרידמאַנס פּאָעזיע. דער דרייפּאַכיקער "ווּעגן" אין אָנהייב פון דעם פּרק איז אַן אָנדייט, און דאָס איז אודאי מער ווי אַ רמז, - אַז די דריי וואָס זענען אַריינגעזעצט געוואָרן צווישן די מחיצות פון "ווּעגן" ווּעלן באַטראַכט ווערן באַזונדער, יעדער איינער ברשות עצמו, פאַר זיך.

צום סאַמע ערשט דער מאָטיוו, דער אינווייניקסטער טרייב-כּוח פון ווערק, דער לירישער סובסטאַנס, - ערשט דערנאָך רחמים און ליבשאַפט, ווי באַזונדערע טעמעס אָדער סוזשעטן אויף דער איבערפלאַך פון דער שאַפונג. אין דעם רוב ווערטערביכער איז די לעקסיקאָגראַפישע דערקלערונג פון וואָרט "מאָטיוו" אַן אַרומנעמיקע, און שפּרייזט איבער די גרענעצן פון באַגריפן. אַזוי, אַ שטייגער, אין דייטשיש:

Motiv - Leitgedanke; Beweggrund, Antrieb; Kennzeichender Jnhaltl. Bestandteil einer Dichtung, charakterist., geformter Teil des Stoffes (Dramen˜, Marchen˜); kleinste selbststandige charakterist. melod. Einheit eines musikal. Stucks; (bildende Kunst) Gegenstand der Darstellung (Blumen˜); das ˜ der feindlichen Bruder; das ˜ einer Handlungsweise, einer Tat; ein beliebtes ˜ der Malerei; literarisches, malerisches musikalisches ˜; aus welchen ˜ en heraus mag er das getan haben? (<frz. motif <mlat. motivum "Beweggrund, Antrieb")
(Gerhard Wahrig, Deutsches Worterbuch)

אַזוי אין פראַנצייזיש:

Motif - n. m. (du b.lat. motivus, qui meut.) Ce qui porte a faire une chose. Raison d'agir: se facher sans motif. Bx.arts.

Sujet de composition, intention general d'une oeuvre. Musiq. Phrase musicale qui se reproduit avec de modifications dans une morceau et lui donne son caractere. (Larousse)

און אַזוי אויך אין ענגליש:

Motif - a usu. reccuring salient thematic element or feature (as in a work of art) esp; a dominant idea or central theme...b: a single or repeated design or color...2: an influence or stimulus prompting to action...

(Websters Dictionary)

די דריי האָבן גלייכע רעכט אין דער ליטעראַטור-קריטיק, נישט דערפאַר וואָס אויף דעם געביט הערשט, חס ושלום, גלייכבאַרעכטיקייט. די דריי זענען מידות פון דיכטערישער מעטריע, מיט וועלכער מיר מעסטן סיי דעם ריז און סיי די גראַמען-שרעטעלעך. אין דער געזעלשאַפטלעכער גלייכבאַרעכטיקטער איינאָרדענונג, אויסער דער וועלט פון שירה, איז דער געוואונטשענער ציל, דער אידעאַל, אַז דער שלטון זאָל באַשטימט ווערן לויט דעם כלל אַז צוויי שוטים באַווירקן צוויי מאָל אַזוי מער ווי איין חכם. פּאָעזיע איז די מלכּה פון "איך" און די דאָזיקע כּללים האָבן דאָרטן נישט קיין שליטה. אין פּאָעטישן קעניגרייך איז אַנדערש: די פּאָעטישע פּערזענלעכקייט באַשטייט און באַשטימט, ס'איז דער שלטון יחיד פון טאַלאַנט. אַ גאַנצע כאַפּטע, - אויף פּאָעטיש לשון, פּלעיאַדע, פון גראַמערס און לידער-שמידער זענען טאַקע אין צאָל מער ווי דער איינער, דער אויסדערוויילטער, דער הויך-ראַנגיקער דיכטערישער "איך", נאָר פּאָרט, די "פּלעיאַדע" און זייער גראַמען-גערעטעניש און דער גאַנצער ראַי דיכטערישע קאַרליקעס, וועלן נישט "אָנקומען צו די פּיאַטעס", - ווי דער פּאָלקסטימלעכער אויסדרוק איז, - פון איין לייטיש ליד, פון איין פון גאָט געבענטשטן פּאָעט. "הנותן... לכל חי" קאָן בשום אופן נישט אינטערפּרעטירט ווערן ווי אַ גלייכער גאָב אַלעמען.

דאָס איז אַ זייטיקע באַמערקונג, הגם אַ וויכטיקע, אַזאַ וואָס מוז געמאַכט ווערן ביי דער אָדער ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט.

דער ערשטער באַטייט פון "מאָטיוו" איז אַן אַדיעקטיוו, ד"ה דער אופן ווי אַזוי דער געשילדערטער סובסטאַנטיוו איז. דער אור-אָפּשטאַם איז דער

לאַטיינישער movere וואָס מיינט "באַוועג", "מאַך", "קער", "צי", "ריר", "רוק"; מיט די אייגנשאַפטן פון באַוועגן זיך, מיט טרייב-כּוח.

אַ צווייטער באַטייט איז אַ סובסטאַנטיוו מיטן באַטייט: טעם, סיבה. אין דער קאַטעגאָריע פון באַטייט וועט אויך אַריין: תּירוץ, אויסרעד.

דער דריטער באַטייט איז טעמע, הויפּטגעדאַנק, סחשעט וואָס חזרט זיך איבער אין אַ ליטעראַריש אָדער מוזיקאַליש ווערק.

סיי לויט דער געזעצלעכקייט פון שפּראַך און סיי לויט דעם מהות פון דיכטונג בכלל, ווי מיר פאַרנעמען אים, און בפרט לגבי יעקב פרידמאַנס לירישע שאַפונג, נעמען מיר אָן דעם באַגריף "מאָטיוו" לויט זיין ערשטן לעקסיקאָלאָגישן באַטייט, וואָס מיינט באַוועג-כּוח, הנע, וואָס טרייבט מלגו, פון אינווייניק די פּאָעטישע שאַפונג און שאַפט מלבר די זעאונגען, די טעמע, דעם געדאַנק.

ניט יעדער באַנרץ פון וואָרט "רחמים" אָדער "ליבשאַפט" איז נייטיק, די בפירושע דערמאָנונג, אָדער אפילו אַ רמיזה צו זיי אָדער צו זייערע סינאָנימען, איז סיי ווי וממילא אַ באַוויז פאַר דעם קיום פון מאָטיוו אין די אינווייניקסטע שיכטן, די מעמקים פון ליד. פאַרקערט, עס זענען דאָ לידער, - און די מעגלעכקייט אין פרידמאַנס שירה ווי זי איז דאָ, ווי אַ רעדוקטיווער פּועל-יוצא, אין דער דיכטונג פון אַנדערע דיכטער, וואו דער פאַרבאָרגענער מאָטיוו פון מלגו אויפשפּראָצונגען זענען נישט אין ענגן לעקסיקאָלאָגישן זין, דער אויסדרוקן פון ליבשאַפט און רחמים, נייערט געהערן אַנדערע סעמאַנטישע גרופּעס. אָבער אויב נישט די סעמאַנטיק פאַרבינדט דעם מלבר-אויסדרוק צום מלגו-זידנדיקער איבערפלוס, פאַרבינדט זיי אַ פּאָעטישע פאַרבינדונג.

דער דאָזיקער איבערשפּרייז איז שוין פאַר זיך אויך אַ פּאָעטישע מדרגה וואָס די ליטעראַטור-קריטיק דאַרף באַהאַנדלען.

דער מאָטיוו געפינט זיך אין די מעמקים פון ליד, דאָרט וואו מיר לאָקאַליזירן אויך דעם עלעמענט פון שיינקייט. ווען רודאָלף שטיינער, דער גרינדער פון דער אַנטראָפּאָסאָפיע, פאָדערט אויף דעם מהות פון שיינקייט, פון דעם עסטעטישן עלעמענט, דעפינירט ער אים נישט ווייל יעדער דעפיניציע איז אויך ממילא אַ באַגרענעצונג: "הגדרה", און "גדר" שטאַמען, אויך אין אונדזער ערשטער און אַלטער שפּראַך, - פון דעם זעלבן שורש און זענען נאָענטע קרובים אין באַטייט. די דעפיניציע איז אויך סיי ווי אַ טעאָרעטיזאַציע

און די טעאָרעטיזאַציע און די טעאָריע געהערן נישט דער קונסט. ווענדט זיך רודאָלף שטיינער צום געניוס פון דער דייטשישער שפּראַך און פרעגט ביי דעם זעלבן מעדיום מיט וועלכן די ליטעראַטור-קונסט ווערט געשאַפן, וואָס איז די משמעות פון וואָרט "schon"? ענטפערט דער שפּראַך-געניוס, אַז "schon" איז דאָס וואָס "scheint" משמע, דאָס וואָס ברענגט אַרויס פון אינווייניק אויף אַרויס, פון מלגו צו מלבר, דאָס אויפריכטיקע. "פיו ולבו שוים" (פסחים ס"ג, ע"א), אין טאָג טעגלעכן באַניץ, ווערט אינטערפרעטירט ווי אַ שיינע, און ממילא גוטע מידה. דער היפּוך פון "schon" איז אויף דייטשיש "hasslich" משמע, דאָס וואָס מען האַסט, וואָס מען האָט פיינט.

אויף אונדזער לשון איז דאָס "מיאוס", און אַ גוטע אילוסטראַציע צום באַטייט זענען דעם נביאס ווערטער "מאוס ברע ובחור בטוב" (ישעיה ז' ט"ו), טייטש: "פיינט צו האָבן שלעכטס און אויסצוקלייבן גוטס". אויף העברעאיש איז "יפה" אַ נאָענטער קרוב פון "יפע", אַזוי נאָענט אַז דער נביא ברענגט זיי צוזאַמען: "...והריקו חרבותם על **יפי** חכמתך וחללו **יפעתך**" (יחזקאל כ"ח, ז') טייטש: ...און זיי וועלן אַרויסציען זייערע שווערדן אויף דיין **שיינער** חכמה און זיי וועלן פאַרשוועכן דיין **גלאַנץ**. אַזוי אַרום איז שיין דאָס וואָס דערשיינט און גלענצט פון אינווייניק אויף אַרויס, דאָס וואָס ווערט נתגלה אין געשטאַלט.[132] דאָס באַגעגענען זיך מיט דעם שיינעם פון דער קינסטלעכער געשטאַלט איז סיי ווי דאָס באַגעגענען זיך מיט דעם אמת וואָס אין די טיפענישן, מיט דעם גייסטיקן וואָס במעמקים. נישטאָ קיין אמת וואָס שטייט ווי אַ רשות פאַר זיך באַזונדער, אַזוי ווי עס איז נישטאָ קיין שיין אָפּגעזונדערט ווערט; דאָס שיינע שאַפט דעם אמת און דאָס עטישע און אַלע אַנדערע שלוחים פון גייסט, און דאָרט וואו דער גייסט איז נישטאָ וועט מען אומזיסט זוכן דאָס שיינע: ס'איז נישטאָ. דער העברעאישער שפּראַך-געניוס רופט דעם היפּוך פון שיין, **כעור** וואָס מיינט **עכור**, אומקלאָר, פאַרדעקט, ברודיק, פאַרטומאַנעט, וואָס פאַרדעקט און אַנטפּלעקט נישט דעם אמת וואָס אין די טיפענישן.

וואו די שיינקייט דאָרט איז אויך די טיפקייט, איז אַ כלל אין דער אַלגעמיינער קונסט. אָבער, כל זמן אין דער וויזועלער אָדער פּלאַסטישער קונסט קאָן דער מענטש זען די אַנטפּלעקונג פון "שיין" צום סאַמע ערשט און ערשט שפּעטער דערגיין צו דער טיפקייט, וואָס נאָר אין איר זכות ווערט דאָס שיינע "שיין", - אין דער ליטעראַטור, קונסט, ווען זי גייט אויף און פאַרכאַפּט, אָדער ווען זי אַנטדעקט דעם תהום, שטייט מען קודם פאַר דער

טיפקייט. ווײַל מען דאָס אָפּשאַצן און מען קאָן נישט, ווײַל דער פּאַרנעם און די מאָס זענען ווייטע, פּרווּווט מען אויסדריקן אַ קאָנצעפּטועלן באַגריף, קאָן מען אויך נישט געבן דעם ריכטיקן אויסדרוק דער דימענסיע פאַר וועלכער מען שטייט. דער אַרומנעמיקסטער אויסדרוק איז: ס'איז שיין!

דער "שיין" האָט נאָר עטלעכע סינאָנימען אין דער ליטעראַטור-קונסט. איינער פון די סינאָנימען, - און אַן אָפטער אַריינגייער אין די באַהאַנדלונגען פון די ליטעראַטור-קריטיקער, - איז **לידיק**. דאָס קענען די עטימאָלאָגיע פון וואָרט האָט נישט געהאָלפן מילדער מאַכן שווערע מחלוקתן און וויסן אַז ליריק שטאַמט פון לירע און אַז אויף דעם מוזיקאַלישן אינסטרומענט האָט מען באַגלייט די שירה נאָך אין די אוראַלטע צייטן, האָט נישט באַרואיקט בייזע געמיטער. וואָס פאַר אַ פּאָעזיע איז נישט באַגלייט געוואָרן "בצלצלי תרועה", אָדער וועלכער איבערפלוס פון פּאָעזיע קאָן נישט באַצייכנט ווערן מיט "אודך בכלי נבל... אזמרה לך בכנור"? (תהלים עא, כב). די עטימאָלאָגיע קאָן אונדז דאָ נישט אַרויסהעלפן און קאָן נישט מיישב זיין די סתירה וואָס דער אַלטער האָמערוס פלעג באַגלייטן זיין דערציילעריש ליד און מעסטן דעם ריטעם מיט דער הילף פון דער **לירע**, כאָטש האָמערוס איז, לית מאַן דפליג, דער גרונט-לייגער פון דער **עפּישער** פּאָעזיע און זי איז אַן אָפּטייל פאַר זיך, אויב נישט אינגאַנצן אַנטקעגנגעשטעלט דער **לירישער** פּאָעזיע.

ווי אַזוי זשע קאָן מען דערקענען די לירישע שאַפונג און זי אָפּזונדערן פון דער שאַפונג וואָס איז נישט ליריש? דער ענטפער אויף דעם וואָס ליריש איז וועט אונדז געבן דער אַנאַליז וואָס וועט אַרויסנעמען פון דעם אַלגעמיינעם הומל דאָס וואָס איז נישט ליריש. אין ערשטן דורכזיפּ קומט אַרויס דאָס דידאַקטישע און אַלץ וואָס טראָגט נישט מיט זיך אַ דידאַקטישן חותם, וואָס קומט נישט לערנען מוסר אב ותורת אם, וועלטלעכע זיטן און אייביקע ווערטן און אמתן, דאָס אַלץ איז נישט דערפאַר וואָס ליריק און דידאַקטיק פּסלען זיך קעגנזייטיק, אָדער פּאַסן זיך נישט איינס צום אַנדערן, נאָר דערפאַר וואָס די דידאַקטיק איז נישט קיין אינטעגראַלער חלק פון דער ליריק און איז נישט קיין פונקציע אין אירע אויפגאָבן.

אויף דעם זעלבן דרך פון נעגאַציע וועלן מיר ווייטער גיין און אָנווייזן, אַז ליריק איז דאָס וואָס איז נישט וויסנשאַפט און מחשבה און פילאָסאָפיע, פאַרצווייגונגען פון דעם ראַציאָנאַלן שורש. ווידער אַמאָל - דאָס אַלץ, נישט דערפאַר וואָס ליריק און וויסנשאַפט פּסלען זיך קעגנזייטיק, אָדער פּאַסן

זיך נישט איינס צום אַנדערן, אָדער דערפֿאַר וואָס די ליריק איז נישט אינשטאַנד "לחונן לאדם דעת", לערנען דעם מענטשן וויסן און איפֿוועקן אין אים מחשבות און אים פֿירן אויף אַ וועג צו אַ לייטישער וועלט - און לעבנס - אָנשויונג, אַלא ווי אויבן געזאָגט.

וויסנשאַפֿט און מחשבה און פֿילאָסאָפֿיע האָבן אַן אייגענע עקזיסטענץ אין דער אינטימער פֿאַרבינדונג צו שפּראַך. אמת, קיין שום וויסנשאַפֿט ווערט נישט דעם מענטשנס האָב און גוטס אָן דער פֿאַרמיטלונג פֿון סובסטאַנטיוו און אַדיעקטיוו, און ווערב און אַדווערב און אַרטיקל, און די מחשבה ווערט נישט איבערגעגעבן איינער דעם צווייטן סיידן מיט די מיטלען פֿון שפּראַך. די פֿילאָסאָפֿיע דערגרייכט נישט איר מדרגה אָן דעם מענטשנס וואונדערלעכע באַמיאונגען צו דערגיין צום סוד פֿון קאָגניטיוון באַטייט און אויסשעפּן דעם פּאָטענציאַל וואָס ליגט אין די ווערטער. די באַמיאונג איז אייגנטלעך די איבערזעצונג פֿון זאַכן, אַרטיקלען אויף באַגריפֿן. און טראָץ דעם אַלעמען איז די שפּראַך פֿון וויסנשאַפֿט און מחשבה און פֿילאָסאָפֿיע נישט ענלעך צו דער שפּראַך פֿון ליריק. פֿאַר די דריי אויסשפּראָצונגען פֿון ראַציאָ איז די שפּראַך אַ פֿונקציע, אָבער פֿאַר דער ליריק איז זי עצם מעצמה, אַן אָרגאַן און דערפֿאַר - אָרגאַניש. די שפּראַך פֿון וויסנשאַפֿט קאָן היינט געשריבן ווערן אַזוי און מאָרגן אַנדערש, כּל זמן די ווערטער אָדער גראַפֿישע סימנים גיבן איבער גענוי די באַגריפֿן. די שפּראַך פֿון פֿילאָסאָפֿיע קאָן מאָדערניזירט ווערן, נייע ווערטער וואָס קומען-אויף אַנשטאָט די וואָס פֿאַרלאָזן די וועלט פֿון שפּראַך, גיבן איבער גענוי דאָס וואָס דער דענקער האָט געטראַכט מיט כך וכך יאָרן צוריק. אָבער אין דער שפּראַך פֿון לירישער דיכטונג קאָן מען נישט בייטן קיין איין וואָרט פֿאַרן אַנדערן אָן צו שעדיקן די עצם דיכטונג, און דער פֿאַרבייט פֿון איין קלאַנג מיט אַן אַנדערן וועט גורם זיין דעם ווערק אַ תּקלה. אויב אין וויסנשאַפֿט איז די אַקטואַליזאַציע פֿון שפּראַך אַ רעקאָמענדירטער פּראָצעס, איז דער פֿאַרבייט פֿון איין זילב אָדער איין טאַקט מיט אַן אַנדערן אין דער לירישער שאַפֿונג אַ נזק און אַ מום. איין דיכטער וועט נישט פֿאַרזעצן דאָס ווערק פֿון אַ פֿריערדיקן דיכטער און וועט נישט קאָריגירן די שפּראַך. די שפּראַך פֿון דער אמתער ליריק איז איינמאָליק.

די ליריק, - ווידעראַמאָל דערמיט וואָס זי איז נישט, - דערציילט נישט קיין געשעענישן מיט זייער עמפּירישער אָביעקטיוויטעט, די לירישע שאַפֿונג לייזט נישט פּראָבלעמען, ווי די אויפֿגאָבן פֿון דער דראַמע זענען און שילדערט

נישט אויף אַן אָביעקטיוון אופן, ווי די עפּישע שאַפונג איז אסיגנירט צו טוען. דער לירישער סובסטאַנץ איז דאָ אין ליד וואָס בויט נישט אַ וועלט אויף די זיילן פון לאָגיק און איבעראַל וואו די לאָגיק לימיטירט די אומבאַשרענקטע מעגלעכקייטן פון מענטש צו זיין אַ מענטש.

די געשריבענע מאָדערנע פּאָעזיע האָט זיך שוין לאַנג אָפּגעזונדערט פון דער מאַגישער דיכטונג, וואָס איז געווען, על-פּי השערה, אַ געשפּילטע און אַ געזונגענע דיכטונג, אַ געטאַנצטע און אַ געשריגענע. די מאַגישע דיכטונג האָט אָנגעלאָדן דעם מענטשן מיט אָנענדלעך לירישן פּאָטענציאַל וואָס גילט ביז היינט צו טאָג, און אַזוי ווי אַ דערוואַקסענער מענטש וועט זיך נישט אומקערן צו זיין נאָכאַמאָל אַ זויג-קינד וואָס גאַגערט קלינגענדיקע זילבן אָן קיין שום באַטייט, אַזוי וועט זיך נישט אומקערן דער מאָדערנער און רייפער דיכטער וואָס האָט שוין סובלימירט זיין ליד אויסער די גרענעצן פון זיין קינדער-יאָרן-גן-עדן צו ריינער אַבסאָלוטער לירישער דיכטונג. אומזיסט די עקספּערימענטן פון דער "דאַדאַ"-גרופּע און אומזיסט ביאַליקס בענקען צו די קינדער-יאָרן, זיין ליריש-מאַגישע און געגאַרטע פּאָעזיע וואָס דעם לעצטן אָפּקלאַנג הערט מען נאָך אין פּרק "אני ופי התנור" אין "ספיח".[133]

די פּאָעזיע האָט זיך אָפּגעזונדערט פון דער מאַגיע, פון דער מוזיק, פון דער פאַרבינדונג וואָס קניפּט צוזאַמען מענטש און וועלט. אָבער, דאָס אָפּזונדערן זיך איז נישט אַבסאָלוט, זי איז נישט אָן אַ שיעור, - אַזוי ווי אין יעדן פונאַנדערגיין זיך, וואו די צדדים נעמען מיט איינער פון אַנדערן פון דעם פאַרבאָרגענעם אין זיי.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ נייע דיכטונג: אַן עפּישע, אַ מיטישע און אַ דראַמאַטישע. יעדע איינע פון זיי מיט אירע צילן און וועגן אין אָנגעגעבענע, פאַרויסגעצייכנטע תחומים, אָבער קיין איינע פון זיי קאָן נישט עקזיסטירן אָן דער הילף און דער מיטווירקונג פון דער ליריק. קומט מען צום אויספיר: די ליריק האָט אויפגעהערט צו זיין אַ דעפינירטע זעלבשטענדיקע ענטיטעט כדי זיך פאַרשפּרייטן און אויסברייטערן און אַריינדרינגען, ווי אַ סובסטאַנס אין יעדער דיכטונג און ווערן אַן עלעמענט פון טרייב-כוח, פון מאָטיוו וואָס ווירקט מיט, - און מיט איר כוח לעבט די דיכטונג.

ווי אַזוי דער פּראָצעס קומט פאָר, ווי אַזוי די לירישע דיכטונג האָט אויפגעהערט צו זיין אַן אַבסאָלוטע, און וואָס איז איר פאַרנעם אין יעקב פרידמאַנס פּאָעזיע, וועלן מיר אַנאַליזירן דורך צוויי קורצע לידער, איינס

שוין געבראַכט אין אַ פריִערדיקן קאַפּיטל, געטעס ליד Ein Gleiches און ביאַליקס ליד "צנח לו זלזל" (אַ צווייג...)

Uber allen Gipfeln
Ist Ruh,
In allen Wipfeln
Spurest du
Kaum ein Hauch;
Die Vogelein schweigen im Walde
Warte nur, balde
Ruhest du auch.

קיין שום איבערזעצונג, אויך נישט די בריהשאַפט און מייסטערשאַפט פון שאול טשערניכאָווסקי, קאָן נישט איבערגעבן דעם צויבער וואָס פאַרכאַפּט בעתן לייענען דעם אָריגינאַל: דאָס מיטווירקן פון די צוזאַמענגעזעצטע קאָנסאָנאַנטן, די לאַנגע וואָקאַלן, די איבעררייסונגען, די אינטאָנאַציעס, די לאַנגע גראַמען וואָס מאַכן באַפאַלן אויפן מענטשן אַ געפיל פון אָפּרו, דער אָפּרו פון איצט און דאָ און אַ חלק פון דער אייביקער רו, די נאַכט פון איצט און די געגאַרטע נאַכט וואָס האָט נישט קיין טאָג נאָך זיך ווייל זי איז אייביק, ס'איז די נאַכט פון פאַר זיין, פון איידער.

ביאַליקס ליד "צנח לו זלזל" איז אין טיפסטן זין און תוך אַ ליריש ליד, פון זיינע לעצטע לירישע לידער און אַן אויסדרוק פון זיין געזעגענען זיך מיט דער מאַגיש-לירישער דיכטונג. נאָך דעם ליד איז געקומען אַ תקופה פון רעזיגנאַציע, פון דיכטערישער שטומקייט נאָך וועלכער ביאַליקס שאַפונג האָט באַקומען אַן אַנדערן כאַראַקטער, אַן אַנדערן סטיל, - אויב דער פירוש פון "סטיל" איז נישט אויפגענומען ווי בלויז דער אופן פון צוזאַמענזעצן ווערטער נאָר אויך דער סך-הכל פון הסכמות, האַרמאָניע און קאָאָרדינאַציע צווישן עקספּרעסיע און ווילן.

צנח לו זלזל
כה ישן אנכי,
נשל הפרי - ומה-לי ולגזעי,
ומה-לי ולשוכי?

נשל הפרי, הפרח כבר נשכח -
שרדו העלים -
ירגז יום אחד הסער - ונפטלו
ארצה חללים.

אחר - ונמשכו לילות הזועה.
לא מנוחה ושנת-לי.
ברד אתחבט באפל וארצץ
ראשי אל-כתלי.

ושוב יפרח אביב, ואנכי לבדי
על גזעי אתלה -
שרביט קרח, לא ציץ לו ופרח.
לא-פרי ולא- עלה.

ביאַליקס ליד הייבט זיך אָן, אַזוי ווי געטעס ליד, מיט דער פאַרשפּרייטונג און טיפקייט פון סימבאָל, אין וועלכן ביידע דימענסיעס, סיי די ברייטקייט און סיי די טיפקייט זענען אָן אַ סוף. אויך אין געמיט זענען די צוויי לידער ענלעך: אָט דערנענטערט זיך דער מענטש, ווילנדיק צי נישט ווילנדיק, צו דער רו. דער ריטעם פון די פיר אַמפיבראַכן, - אין דעם ליד, - ווי דער גרויסער רוב ביאַליקס לידער, - לייענט זיך אין מילעיל, אין דער אשכּנזישער הברה, שפּיגלט אָפּ, אַזוי ווי אַ שטייגער:

- / - : -   / - : -   / - : - / -
ל ב ד י: ל ב ד י: בלילות  :  אפלים

- / - : -    / - : -    / - : -   / -
ב ס ת ר: ב ס תר  :  כ א בתי : נו אשתי

אין ביידע לידער, סיי געטעס און סיי ביאַליקס, זענען די ווערטער פּשוטע, פון טאָג-טעגלעכן געברויך, און די קלאַנגען, אין דער אשכּנזישער אינטאָנאַציע, זענען אינטימע, היימישע, ווי די אייגענע קינדער-יאָרן, אונדזער אַלעמענס

נאָענטסטער קרוב. די שורה פון פשוטע ווערטער אין פּאָעזיע וואָס פאַרמאָגט דעם מאָטיוו פון ליריק אין יסוד, איז אויך אַ גילוי, אַן אַנטפּלעקונג פון תהומות.

אַזוי ביי געטע, אַזוי ביי ביאַליקן וכיוצא בזה יעקב פרידמאַנס פּאָעזיע. ביי ביאַליקן: דער מענטש און דאָס צווייגל זענען איינס און דער גורל זייערער דערזעלבער, קודם בליען און דערנאָך פאַרגעסן ווערן, מאַכן פרוכט און דערנאָך אַראָפּפאַלן און שלאָפן.

וואו די שיינקייט דאָרט די אומבאַגרענעצטע טיפקייט.

ווילסטו איז דאָס דער מענטש וואָס נאָכן בליִען און געבן פּירות ווערט ער פאַרטריקנט און אָפּגעזונדערט פון שטאַם און פאַלט אַראָפּ און שלאָפט.

ווילסטו, איז דאָס דער דיכטערישער איך וואָס גייט אַרום עלנט און גאָרנישט פאַרבינדט אים מער צו די וואָרצלען און צו די יונגע קנאָספּן.

ווילסטו, איז דאָס דער דיכטער גופא וואָס האָט שוין אויסגעזונגען די העכסטע און ריינסטע מאַגישע קלאַנגען און די אויסזיכטן זיינע פון איצט ווייטער זענען רעגרעסיע, אַראָפּפאַל.

ווילסטו, איז דאָס וואָס דער דיכטער האָט נישט דערזאָגט האָט אָנגעדייט דער סימבאָל: די וועלט וואָס איז רייף געוואָרן און האָט פאַרגעסן אירע יוגנט-בלומען, וועט אַראָפּפאַלן און אונטערגיין.

דאָס ליד איז אָנגעלאָדן מיט לירישער גבורה און מיט די סימבאָלן און די מוזיקאַלישקייט פון ליד, מיט דעם ריטעם, מיט דעם סך-הכל פון הסכמות, די האַרמאָניע און קאָאָרדינאַציע צווישן עקספּרעסיע און ווילן, - מיט דער אינטערוועדסיע פון וועלט און די פאַראייניקונג פון איך מיט דער וועלט על-דרך הצויבער און מיט דעם כּוח פון לשון.

נאָך אַלע די לירישע נייגונגען און אייגנשאַפטן, ווערט דאָס ליד דראַמאַטיש, - לא מנוחה ושנת לי, - דאָס וואָס האָט שוין קיין פאַרבינדונג צום שטאַם און צווייג לויפט אַרום שלאָפלאָז אין דער פינצטער און שלאָגט קאָפּ אין וואַנט. עס פאַרלאַנגט אויפבלי, אויפלעב און שאַפונג. איז דאָס ליד שוין נישט ליריש נייערט דראַמאַטיש, שטורמיש און מסופקדיק, - און עס שאַלט אין ליד דער פּראָטעסט קעגן דער אור-גזרה, - ווייל די ליריק וואָס איז אַ סובסטאַנס, ווירקט און דרינגט אַריין אַדיעקטיוויש, און ווערט דערמיט אַ שותף צו יעדער פּאָעטישער שאַפונג. דאָס איז דער מלגו, דער אינווייניקסטער טרייב-כּוח פון ליד, דער מאָטיוו. אָן דעם טרייב-כּוח איז דאָס ליד קיין ליד

ניטש, נאָר אַ געגראַמט-פֿאַרפּלאָכטן ליד, "געמאַכט", אָדער אויסגע-בעלמלאכהוועט פֿון לידער-שמידער.

דער סובסטאַנס מאַכט דאָס ליד זיין אַ ליד, מאַכט די דראַמע זיין דראַמע. אָן דעם איז דאָס בלויז אַ פֿאַרשטעלונג כּדי צו פֿאַרווײַלן דעם עולם. דאָס איז דער סובסטאַנס וואָס ווייַנט אַרויס פֿון דער טראַגעדיע און לייכט און לאַכט אַרויס פֿון הומאָר. דאָס איז דער פֿאַרבאָרגענער במעמקים-מאָטיוו וואָס היט אָפּ דעם עפּישן דערציילער פֿון אָביעקטיווער איבערגעבונג, פֿון דער סכּנה אַז די דערציילונג זאָל ניטש ווערן אַ ראַפּאָרט, אַ דין וחשבון פֿון געשעענישן וואָס האָבן פּאַסירט אָדער ניטש פּאַסירט. דער מלגו, פֿון אינווייניק שפּרודלדיקער באַוועג-כּוח, באַווירקט דאָס לשון ווערן דער מעדיום וואָס שאַפֿט געשעענישן וואָס ווערן געפֿירט פֿון אַן אייגענעם גורל. דער לירישער סובסטאַנס, דער מאָטיוו, געפֿינט זיך אין יעדער אמתער פּאָעזיע, וכיוצא בזה, אין יעקב פֿרידמאַנס פּאָעזיע. דעם סובסטאַנס גופֿא קאָן מען פֿאַרגלייכן צו גינגאָלד, אויסגעלויטערט און ריין וואָס טויג ניטש צו קיין שום מלאכה, סיידן עס ווערט פֿאַרמישט מיט אַנדערע באַזע-מאַטעריאַלן (סיגים). אָן דעם צוגאָב האָט ניטש דאָס לויטערע דעם כּוח אַרומצונעמען אין אירע אָרעמס די וועלט. וכיוצא בזה, יעקב פֿרידמאַנס פּאָעזיע.

דער פֿאַרגלייך וואָס פֿאַרלאַנגט זיך, איז מיט דעם ליד "דער נביא". אין פֿלוג זעט אויס, לויט דעם וואָס אויף דער איבערפֿלאַך, אַז דאָס ליד געהערט צו דער גרופּע, וואָס לויט דער אָנגענומענער קאַטעגאָריזאַציע, ווערט אָנגערופֿן מאָטיוו פֿון ליבשאַפֿט און רחמים.

דער נביא, דער גאָט-דערוויילטער, זינגט דאָס ליד פֿון זיך, קודם-כּל און נאָך אַלעמען. דאָס ליד פֿון אייגענעם געפֿיל. כאָטש די טעמע איז אָדער ווענדונג צום פֿאָלק תשובה צו טון, אָדער ברענגען זיך אַליין אַ קרבן כּדי מטהר זיין, מיט זיין אייגענעם בלוט, די זינד פֿון פֿאָלק, אָדער די מידת הדין פֿאַר זיך און די מידת הרחמים פֿאַרן פֿאָלק.

ביאַליקס ליד "דאָס לעצטע וואָרט" ("נביאיש") הייבט זיך אָן מיטן וואָרט "איך" און מיט דעם זעלבן וואָרט "איך" הייבן זיך אָן פֿינעף סטראָפֿן פֿון צוועלף, און אַ סך פֿון די שורות, ווי למשל:[134]

איך גיי, איך קום, - איך טראָג אַ טרייסט
איך טראָג אַ בשורה פֿון נחמה,

איך בין געבענטשט פון גאָט מיט גייסט -
אייך וועל איך שענקען מיין נשמה...
איך בין פון גאָט מיט מוט באַשמידט

דער ריטעם, דער אימפּעט, דער גייסט, דער קלאַנג און דער קאָגניטיווער באַטייט ווערן געשאַפן מיטן איבערחזרן דעם "איך", דאס איז ביאַליקס נביאישע הנהגה.

יעקב פרידמאַנס הנהגה איז אַנדערש. ניט אַזוי דראַמאַטיש ווי ביאַליקס נביא, הייבט נישט אָן מיטן דונער פון דעם אַרויסטריט אין דער שטייגער-ווענדונג: "איך בין פון גאָט צו אייך געשיקט" נאָר אויף זיין פרידמאַניש באַשיידענעם אופן:[135]

און גאָט האָט געשיקט דעם נביא
צו די טויערן פון דער זינדיקער שטאָט.

דאָס ליד הייבט זיך אָן מיט אַ נאַראַטיוון ניואַנס. "און" איז די וויכטיקסטע קאָאָרדינירן-קאָניונקציע צווישן זאַצנגלידער און קען אויך אָנהייבן, - ווי אין אונדזער פאַל, - די קייט.

יעקב פרידמאַנס נביא איז אין טיפן תּוך און אין אויסדרוק פון מאָטיוו, ניט קיין מוסר-זאָגער פאַר אַנדערע, - נאָר דער מקיים, דער זעער, דער פאַרשטייער מיטן אַרומנעמיקן פאַרשטאַנד:

וועמען האָב איך שטראָפן געקענט?
צי איז שולדיק די מוראַשקע
וואָס פאַרמאָגט נישט די פליגל פון אָדלער?
פאַרוואָס, באַשאַפער, אָן דעם קאַפּל תּענוג פון זינד
קען דער בן-אָדם נישט אַריבערשווימען
די וואַסערן פון טעג און נעכט.

פרידמאַנס נביא פאַרלאַנגט נישט קיין גלייכבאַרעכטיקייט, ער פאָדערט איפה ואיפה גדולה וקטנה.

צוויי מאָסן בעט איך פון דיר:
אין דער רעכטער ׳דיינער דעם לאָגל פון רחמים,
און אין דער לינקער - דעם פעלז פון דין.

די מידת הרחמים פאַר דעם המון, פאַר די מוראַשקעס, - און די מידת הדין פאַר דעם מענטש מיט אָדלערס פליגל.

און מיטן שפּיץ פון געשטיין
געשניטן דאָס פלייש אויף זיין ברוסט,
און געשמייכלט מיט בלויקייט צו דער רויטקייט,
וואָס האָט אַראָפּגעקאַפּעט פון זיין גוף
צום נאַכטיקן זאַמד.

די געאָטראָפּישע נטיה צו דער ערד, צו דער נאַכט-פינצטערניש איז דאָ בולט ביז גאָר, - און דער גרונט-מאָטיוו איז די שטרעבונג זיך צו פּאַראייניקן דורך דעם דם-התמצית מיט דער ערד, שטרעבן אויסגעלייזט צו ווערן פון דעם קיום, ווערן דאָס וואָס פון פאַרן ווערן, קלאַנג פון פאַרן קלאַנג, פידל פון פאַרן פידל, ווערן איינס מיטן שוואַרצן קלעזמער:[136]

- קום, זאַנזאַני, האָט דער שוואַרצער קלעזמער געזאָגט -
דער טאָג האָט געטאָגט און אויסגעטאָגט,
נאָר די נאַכט איז קלוג און וואָר און אייביק.
- זע, האָט דער שוואַרצער פידלער געזאָגט,
מיין שוואַרצער פידל איז טיף און ליידיק
ווי די וועלט... איך בין דאָס לעצטע געבאָט...
האָט געכליפּעט זאַנזאַני: און גאָט, ווו איז גאָט?

- אין דיין פידל, זאַנזאַני...
איך זע נישט מיין פידל, שוואַרצער קלעזמער...
האָט דער שוואַרצער פידלער געלאַכט: אַלץ איז חלום,
בלויז איך און מיין שוואַרצער פידל זענען וואָר...
- און איך? האָט זאַנזאַני געכליפּעט - איך און מיין פלייש און געביין?

- איך פיר דיך, זאַנזאַני, צוריק אין דיין היים...
- ווּ איז מיין היים, שוואַרצער קלעזמער?
- אין מיר... זאַנזאַני... ווי אַלץ אין דער וועלט איז אין מיר...
קום ווערן וואָר און אייביק ווי איך...

און דער שוואַרצער קלעזמער האָט גענומען זאַנזאַני דעם פּאָעט
און אַוועק צו דער שוואַרצער שיף ביים שוואַרצן ברעג,
און זיי האָבן זיך געלאָזט מיטן שוואַרצן טייך,
וואָס פילט אויס אַלע וועלטן... פון אייביק ביז אייביק...".

# ביבליאָגראַפיע

---

וועגן יעקב פרידמאַן און זיין פּאָעטישער שאַפונג
אין פּעריאָדישע שריפטן און ביכער

## צייטונגען און זשורנאַלן


גראָס-צימערמאַן, מ. די פּטירה פון יעקב פרידמאַן, לעצטע נייעס, ת"א, 17/11/1972

Viata Noastra, 21.11.1972A disparut un print al poeziei everiesti, teinmetz, Avny

קאַניץ, שמעון. אַ שטראַלנדיקע ליכט איז פאַרלאָשן געוואָרן, לעצטע נייעס, 24.11.1972

בילצקי, י.ח. לזכרו של יעקב פרידמן, דבר, 8.12.1972

שבתאי, ק. יעקב פרידמן, במלאת שלשים לפטירתו, מעריב, 15.12.1972

סוצקעווער, אברהם. אַ גוטע אייביקייט, די גאָלדענע קייט, 1972-73, #78

זיגעלבוים, פּ. יעקב פרידמאַן, דער צדיק-פּאָעט, ד-אַפריקע, יאַנ.-פעב. 1973

מאַרק, יודל. יעקב פרידמאַן, ז"ל - יִדישער בוך אַלמאַנאַך, נ"י, תשל"ד, כרך ל"א

Die Stimme, Dec-Jan. 1974-75, Jakob Friedmenns gesammelte Gedichet G.K.

צאַנין, מ. אַלע געזאַנגען פון יעקב פרידמאַן, לעצטע נייעס, 10.1.1975

בילצקי, י.ח. שירת יעקב פרידמן, מעריב, 25.4.1975

אָקרוטני, יוסף. יעקב פרידמאַן, דער דיכטער פון יִחוסדיקער פאַרוואָרצלטקייט, צוקונפט, נ"י, מאַי-יוני 75

טאַמבור, וואָלף. ביי דער מזרח-וואַנט פון יִדישער דיכטונג, אונדזער וואָרט, פּאַריז, 31.5.1975

גור-אריה, יהודה. פייטן יִדי מן המעברה, מעריב, 3.2.1984

חלמיש, מרדכי. דער שלימותדיקער דיכטער און מענטש יעקב פרידמאַן, פאָלק און מדינה, בוענאָס-איירעס

סאַקציער, מאָטל, יעקב פרידמאַן, ביי זיך, # 24, יוני 1983

פּאָדריאַטשיק, ל. דער ראָמאַנטיקער, ישראל-שטימע 3.12.1985

## ביכער

גאָלדקאָרן, יצחק, יעקב פרידמאַן, דער אצילותדיקער זינגער און זעער,
"היימישע און פרעמדע" פאַרלאַג סביבה, באָענאָס-איירעס, 1973, זז' 50-57
האָרן, י., יעקב פרידמאַן "אַרום יידישער ליטעראַטור און יידישע שרייבער"
באָענאָס-איירעס, 1973' זז' 183-187
מייזיל, גיטל, יעקב פרידמאַן "עסייען" פאַרלאַג י.ל. פרץ ת"א, 1974, זז' 146
157
שולמאַן, אליהו, דער דיכטער יעקב פרידמאַן "פּאָרטרעטן און "עטיודן" ציקאָ
פאַרלאַג, נ"י, 1979' זז' 342-347
קאַנץ, שמעון, יעקב פרידמאַנס לידער, "כח פון אות" י.ל. פרץ פאַרלאַג, ת"א,
1979 זז' 44-61
אָקרוטני, יוסף, יעקב פרידמאַן, דער פּאָעטעך וואָס איז ראוי די קרוין פון
מאַמע-לשון. "עסייען פון הארבסטיקן געמיט" י.ל. פרץ פאַרלאַג, ת"א,
1980, זז' 387-403
יאַנאַסאָוויטש, יצחק, גאָט-מאָטיוון אין דעם פּאָעטישן שאַפן פון יעקב פרידמאַן.
"אין פרדס פון יידיש", י.ל. פרץ פאַרלאַג, ת"א, 1980 זז' 183-200
שאַרגעל יעקב צבי, "יעקב פרידמאַן - פּאָעט פון פּאָסטעך-שטאַם, מיט די
פיר בענד פון זיין שאַפן. אין קוואַלן אַרום געצעלט". צווישן שרייבער
און ווערק. בוך צוויי. פאַרלאַג "ישראל-בוך" ת"א, 1981, זז' 212-218
שפּיגל, ישעיהו, מיין קינה און הספד-וואָרט נאָך אומשטאַרביקער דיכטונג,
"הימלען נאָכן שטורעם", י.ל. פרץ פאַרלאַג, ת"א, 1984, זז' 196-205
פּאָדריאַטשיק, אליעזר, דער דיכטער פון רחמים און תפארת. "שמועסן מיט
אַנדערע און מיט זיך". ה. לייוויק-פאַרלאַג, ת"א, 1984, זז' 63-73
ביקל, ד"ר שלמה, פון מילניצע אין גאַליציע ביז יבנה אין ישראל. טאָג מאָרגן-
זשורנאַל, נ"י, 25.2.1951
רייזען, אברהם, יעקב פרידמאַן "טינט און פעדער" די פעדער, 1949
ביקל, שלמה, די הענט צום ליכט, צוקונפט, נ"י, 1953, 5-6
יאַסני וואָלף א., פּאָסטעכער אין ישראל, לעצטע נייעס, 28.1.1953
לעיעלעס, א, יעקב פרידמאַן. טאָג מאָרגן-זשורנאַל, 2.5.1953
סיגאַל, י.י., פּאָסטעכער אין ישראל, קענעדער אָדלער, 16.3.1953
שולמאַן, אליהו, פּאָסטעכער אין ישראל, וועקער, נ"י, 2.1953

באָטאָשאַנסקי, יעקב, פּאָסטעכער אין ישראל פון יעקב פרידמאַן, די פּרעסע,
ב"א, 28-29.4.1953
די לעגענדע נח גרין
אויערבאַך, אפרים, יעקב פרידמאַנס "די לעגענדע נח גרין", סביבה (?) זז' 49-52
שטיקער, מאיר, מיט אָפענע אויגן, דער טאָג, 23.2.1955
Avni, S Un poet si poezia sa, Viata Noastra 18/4/1961
ראַוויטש, מלך, די לעגענדע נח גרין פון יעקב פרידמאַן, צוקונפט 11.1961
זז' 446-448
גראַנאַטשטיין, יחיאל, המשורר לבית רוז'ין, פון אַ צייטונג
אָקרוטני, י., פּאָעזיע? זי איז אַ וואונדערלעכע זאַך, די יידישע צייטונג, ב"א,
29.9.61
דייטש, מאַטעס, לעגענדע און פּאָעט. חשבון, ל"א, יאַנואַר 1962, זז' 21-27
אונגער, מנשה, זון פון חסידישן רבי'ן, - אַ באַרימטער דיכטער, אין מדינת
ישראל. טאָג מאָרגן-זשורנאַל, 8.1.61
גראָס-צימערמאַן, מ., די לעגענדע נח גרין, אינטימער ווידעראַנאַנד, י.ל. פּרץ
פאַרלאַג, ת"א, 1964, זז' 202-207
שבתאי, ק., משורר הרוח "החנוך" תשרי, תשכ"ב
מאַרק, יודל, יעקב פרידמאַן ז"לס פּאָעטישע דאַכטענישן און טראַכטענישן,
אין בוך "לידער און פּאָעמעס" באַנד 3, ישראל בוך, ת"א, 1974, ז"ז 321
.360

## MISCELLANEOUS שונות

גלאַטשטיין, יעקב, יעקב פרידמאַנס לידער. "מיט מיינע פאַרטאָג ביכער",
י.ל. פרץ פאַרלאַג, ת"א, 1963' זז' 76-82 נאָכדרוק פון טאָג מאָרגן-זשורנאַל,
13.11.1960

ביקל, שלמה, יעקב פרידמאַן "שרייבער פון מיין דור", י.ל. פרץ פאַרלאַג,
ת"א, 1970' זז' 119-124. נאָכדרוק פון: "אינזיך און אַרומזיך" צוקונפט
9.1967

ביקל, שלמה, יעקב פרידמאַן, "שרייבער פון מיין דור", פאַרלאַג מתנות, נ"י,
1958' זז' 175-181

גלאַטשטיין יעקב, יעקב פרידמאַן. "אין תוך גענומען". פאַרלאַג פאַרבאַנד,
נ"י, 1956' זז' 366-372

גראָס-צימערמאַן, מ., יעקב פרידמאַנס "ליבשאַפט". "דאָס וואָרט וואָס מיר
שרייבן". פאַרלאַג ישראל-בוך, ת"א, 1971 זז' 229-233

שבתאי, ק., הרועה הרואה, (פון אַ צייטונג).

בילצקי, י.ח., בין דבקות ונפתולים. דבר, 12.6.1970

ליס, א., יעקב פרידמאַנס דראַמאַטישע פּאָעמע. פאָלקסבלאַט (?)

ברתיני, ק.א., אחרית-דבר ל"שבת" בתרגומו, הוצ' רשפים, ת"א, 1977. מצוטט
ע"י: דב סדן, "צווישן ווייט און נאָענט", ישראל-בוך, 1982, ע' 300

## ליבשאַפט

יאָנאַסאָוויטש, יצחק, דער פּאָעט פון טעמיקער, גראַמישער שיינקייט, די פּרעסע, ב"א, 21.10.1967

יאָנאַסאָוויטש, יצחק, יעקב פרידמאַן, ליבשאַפט. "פּנימער און נעמען" פאַרלאַג פועלי-ציון, התאחדות, ב"א, 1971, זז' 288-293

קאַהאַן, יצחק, דאָס בשמים - הדסל אין יעקב פרידמאַנס דיכטונג. "אויפן צעשיידוועג", פאַרלאַג המנורה, ת"א, 1971 זז' 259-265. נאָכדרוק פון: די יִדישע פּאָסט, 14.6.1968

Viata Noastra,, De vorba cu poetul Jacob Friedmann .Spiegelblatt, Al 23.9.1966

Viata Noastra, 10.3.1967, In numele iubirii .Spiegelblatt, Al

שפּיגעלבלאַט, א., ליבשאַפט. די גאָלדענע קייט, 60,1967 #

דאָמאַנקעוויטש, ל., ליבשאַפט פון יעקב פרידמאַן. אונדזער וואָרט, 4.2.1967 #54

אויערבאַך, אפרים, אין פיבער פון ליד. דער טאָג מאָרגן-זשורנאַל, נ"י, 18.6.1967

אָקרוטני, י., דער אוניווערס פון יעקב פרידמאַן. די יִדישע צייטונג, 3.1.1969

ראַוויטש, מלך, אַ קול פון דינער שטילקייט. לעצטע נייעס, 1.11.1968

צאַנין, מ., ליבשאַפט פון יעקב פרידמאַן. לעצטע נייעס, 24.2.1967

טורקאָוו, יצחק, י.פרידמאַנס ליבשאַפט. פאָלקסבלאַט (?)

מירון, דן, הקדמה למבחר שירים ופואימות, יעקב פרידמן, "בראשית היתה הדממה", הוצ' הקיבוץ המאוחד, תשמ"ג, 1983, עמ' 5-38

# הערות

1 A Students guide to Literary Terms by James Taaffe.

2 יעקב פרידמאַן, לידער און פּאָעמעס, פאַרלאַג ישראל-בוך, תל-אביב, תשל"ד-1974, באַנד 1, זייט 15. אַלע ווייטערדיקע ציטאַטן פון פרידמאַנס לידער ווערן געגעבן לויט דער אויסגאַבע פון יעקב פרידמאַנס לידער און פּאָעמעס אין דריי בענד, סיידן אַנדערש אָנגעוויזן.

3 באַנד 1, ז' 7.

4 דאָרט, דאָרט.

5 פאַרגלייך: מיכה יוסף בן-גוריון (ברדיצ'בסקי), מאמרים, הוצ' דביר ת"א, תש"ך, "למהות השירה", חזון ושירה, א' אחדות ורבוי" ז' קסו.

6 באַנד 1, ז' 7.

7 דאָרט, דאָרט.

8 באַנד 3, ז' 125.

9 באַנד 3, ז' 10.

10 באַנד 3, ז' 9.

11 באַנד 3, ז' 15.

12 באַנד 3, ז' 18.

13 באַנד 2, ז' 157.

14 באַנד 3, ז' 19.

15 Cleanth Brooks and Robert Penn Warren, Understanding Poetry- NewYork : Holt, Rineheart and Winston, 1976.

16 באַנד 3, ז' 307, "לייבע פרוש" /דאָרט, ז' 14/ "אונדזער זיידע יונה, באַנד 1, ז' 201.

17 י.ל.כהן: יידישע פאָלקסלידער מיט מעלאָדיעס, ייִוואָ, נ"י 1957, 448#. די מסורה גייט אָן ביז היינט צו טאָג, און פאַרגלייך: מאיר חרץ, נאָכן סך הכל (איינס), פאַרלאַג אייגנס, ירושלים, תשמ"ח (1987), דאָס ליד: אַ העברעיש-ייִדיש ווערטערביכל פאַר מיינע אייניקלעך, זז' 78-79.

18 באַנד 3, ז' 239. "מיין זיידע זאַנזאַני".

19 דאָרט, דאָרט.

20 באַנד 3, ז' 06, "עדלידע".

21 באַנד 1, ז' 102, "סאַלאַ, סאַלאַ נאַדע".

22 Owen Barfield, Poetic Diction: A Study in Meaninig, Faber & Faber, 1928 pp. 63-64.

23 באַנד 3, ז' 212, "נפילים".

24 פנואלי, ש"י (שמואל-ישעיה), ספרות כפשוטה, אג. הסופרים/דביר, 1963, עמ' 271-272

25 י.ל. פרץ, אַלע ווערק, פאַרלאַג אידיש, נ"י 1920, באַנד 10, ליטעראַטור און לעבן, ז' 25.

26 ניגער, ש(מואל), "י.ל. פרץ", קולטור-קאָנגרעס, ב"א, 1952.

27 שמערוק, חנא, "פרצעס ייאוש-וויזיע", ייִוואָ, נ"י, 1971.

28 קורצווייל, ברוך "מסות על סיפורי ש"י עגנון", שוקן י-ם/ת"א (תשי"ג) תשכ"ג 354 עמ'.

29 ניגער, דאָרט, ז' 432.

30 קויפמאַן, יחזקאל: תולדות האמונה הישראלית. מוסד ביאליק/דביר, י-ם/ת"א, תשט"ו.

31 פאַרגלייך: הרמב"ם, משנה תורה, הלכות תשובה, פרק ה', ב'.

32 Aeschylus, Eumenide s,172-173, 335, 392 et passim

33 מדרש רבה דב' יא.

34 בראשית ו, ד.

35 מ"ד קאַסוטו, מאדם עד נח, ירושלים תש"ד, זז' 170-175.

36 תהלים פט, ז.
37 שמות טו, יא.
38 תהלים כט, א.
39 בראשית ו, א-ד.
40 תהלים פב, ו.
41 תהלים פב, א.
42 איוב א, ו; ב, א.
43 איוב לח, ז.
44 מלכים א, כב, יט.
45 ברכות ד׳ ע״א.
46 באַנד 3, נפילים, ז׳ 174.
47 ישעיה כ״ב, י״ג.
48 איוב ג, ג - ה.
49 עירובין יג, ע״ב.
50 באַנד 3, ״נפילים״, ז׳ 135.
51 באַנד 3, ״נפילים״, זז׳ 167-168.
52 באַנד 3, ״נפילים״, ז׳ 169.
53 דאָרט, דאָרט.
54 באַנד 3, ״נפילים״, ז׳ 162.
55 באַנד 3, ״נפילים״, זז׳ 158-159.
56 באַנד 1, ״ביטול היש״, זז׳ 137-139.
57 Loren Eiseley, The cosmic orphan, Essay published by Propaedia, Encyclopaedia Britannica, 1974, pp. 206-208.
58 באַנד 3, ״ליד״, ז׳ 124.
59 מירון, דן: הקדמה צו ״בראשית היתה הדממה״, מבחר שירים ופואמות של יעקב פרידמן, הוצ׳ הקבוץ המאוחד, תשמ״ג, 1983.
60 באַנד 3, ״אונדזער זיידע יונה״, זז׳ 14-20.
61 באַנד 3, ״מיין זיידע זאַנזאַני״, זז׳ 239-241.
62 באַנד 3, ״מיין זיידע זאַנזאַני״, ז׳ 239.
63 באַנד 3, ״אונדזער זיידע יונה״, ז׳ 14.
64 כהן, י״ל, ייִדישע פאָלקסלידער מיט מעלאָדיעס, ייִװאָ, נ״י, 1951.
65 באַנד 3, ״אונדזער זיידע יונה״, ז׳ 14.
66 דאָרט, ז׳ 16.
67 דאָרט, ז׳ 14.
68 דאָרט, ז׳ 17.
69 דאָרט, ז׳ 19.
70 באַנד 3, ״יונתן״, זז׳ 30-37.
71 בראשית יט, ט.
72 בראשית לב, ה.
73 ישעיה יא, ו.
74 בראשית היתה הדממה, יעקב פרידמן, הוצ׳ הקבוץ המאוחד, ת״א, תשמ״ג, ״יונתן״ עמ׳ 175, תרגום שלמה שנהוד.
75 באַנד 3, ״אין שליטן״, זז׳ 255-260.
76 באַנד 1, ״צניעותדיקע גאווה״ ז׳ 87.
77 באַנד 1, ״דער לץ״ זז׳ 36-38.
78 באַנד 2, ״תפילה פון אַ פּאַסטעך״ זז׳ 107-108.
79 באַנד 1, ״לאָמיר שלום מאַכן״, ז׳ 65.
80 דאָרט, דאָרט.
81 באַנד 2, ״לידער פון אַן אָרעמאַן״, זז׳ 278-287.
82 באַנד 3, ״שניי אין מדבר״, זז׳ 107 111.
83 באַנד 3, ״ווילסט זיך שפּילן״, זז׳ 40-41.
84 באַנד 2, ״ירושה״, זז׳ 121-126.
85 באַנד 3,״איך״, ז׳ 295.
86 באַנד 2, פּאַסטעכער אין ישראל, סאָדעגערע, זז׳ 140-148.
87 באַנד 3, פון פּראָפעסאָר טשאַרניקוס׳ לעבנס-געשיכטע, זז׳ 21-29.
88 הורודצקי, ד״ר ש.א. החסידות והחסידים, ספר שלישי, הוצ׳ דביר, ת״א, תש״א, זז׳ קכ״ד-קנ״ד.
89 כנסת ישראל 45, ציטירט לויט הורודצקי, זע הערה #66.
90 Monatschhrift fur Geschichte und Wissenschaft des Judentums, 18, 191-192. זע ״המליץ״ תרכ״ט (1869), ציטירט לויט הורודצקי, #66.
91 דער אויבן ציטירטער מקור לויט ״האור״, מאסף חדשי, תרמ״ב,

במאמר "אורות מאופל", א. אהרנשטיין.

92 לויט דעם דערמאַנטן כתב-יד, #69.

93 דער זעלבער סופר אין אויבן דערמאָנטן מאמר האָט דאָס אַלץ געהערט בתורת עד אין דער זעלבער צייט פון אַ סאַדעגערער גבאי, זע "המליץ" תרכ"ט, 27.

94 הורודצקי, הערה #6.

95 המליץ, תרכ"ט, נר' 27. השחר, תרכ"ט, ת"א, ביים סוף.

96 אורות מאופל, כנסת הגדולה, כ"ו, כנסת ישראל 138, שבר פושעים, אָדעסאַ, תר"ל 55, סמא דחיא, לבוב תרכ"ט 6, הערה 5, אגרת שלומים, לבוב 1869, צד 4, לויט הורודצקי.

97 לויט דעם ציטירטן כתב-יד, כנ"ל.

98 המגיד תרכ"ט, 8.

99 השחר תרכ"ט, ת"א, ביים סוף.

100 המליץ 7, 1869.

101 המליץ, תרכ"ט 28 און לויט דעם דערמאָנטן כתב-יד.

102 באַנד 2, "סאַדעגערע", זז' 148-140.

103 לבוב 1869, צד 4 - לויט הורודצקי.

104 אגרת שלומים 4 - לויט הורודצקי.

105 הורודצקי, ג', זז' ק"נ-קנ"ג.

106 באַנד 1, זז' 221-222.

107 באַנד 1, זז' 227-228.

108 באַנד 1, זז' 107-111.

109 בראשית רבה א'.

110 דניאל ב' כ"ב.

111 מדרש גדול, בראשית.

112 באַנד 1, "איידער איידער", זז' 111 107.

113 באַנד 1, "מלכה פון שטילקייט", זז' 221-222.

114 באַנד 1, "אונדזער שפּיל-הויז", זז' 227-228.

115 באַנד 1, "איידער איידער" ז' 107.

116 ברכות ז', א.

117 באַנד

118 אבות, ד' כ"ב.

119 Novalis: Hymnen an die Nacht.

120 באַנד 1, "תּמימותדיקע ברואים", ז' 10.

121 באַנד 3, "פון פּראָפעסאָר טשאַרניקוס' לעבנס געשיכטע", ז' 21-29.

122 Goethe, Grenzen der Menschheit.

123 Goethe, Ein Gleiches.

124 Goethe, An den Mond.

125 Goethe, Elegie.

126 ירמיה א, ו'

127 Schiller, Resignation.

128 באַנד 2, "וואָרט איז שווער און באַלאָדן", ז' 120.

129 Schiller, Sprache.

130 י.ל. פרץ, "מקובלים", (חסידיש).

131 באַנד 2, "ירושה", ז' 121-126.

132 פנואלי, ש"י: מסה על היפה שבאמנות הספרות, הוצ. אלף, ת"א, 1964, ז' 5.

133 ביאַליק, ח.נ.: שריפטן. ייִדיש י.י.שוואַרץ. אַרויסגעגעבן פון אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, 1949, פרק: ווידערוואוקס, ז' 244, "איך און די חרובע".

134 ביאַליק, ח.נ. "לידער און פּאָעמען" (זיינע אָריגינעל געשריבענע אין אידיש און איבערגעזעצטע פון העברעאיש דורך י.י. שוואַרץ), ניו יאָרק, 1935, זז' 16-22.

135 באַנד 1, "דער נביא", זז' 142-143.

136 באַנד 1, "דער שוואַרצער קלעזמער", זז' 216-218.